שול- און פּיאָנערן-ביבליאָטעק

ל. טראָצקי

# אהין און צוריק

אידיש — ל. ר.

№ 7

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג
„קולטור-ליגע"
קיעוו — 1926

# א ה י ן

פיר בריוו

3 יאנואר 1907 יאר.

שוין באַלד צוויי, דריי שאָ, אַז מיר זיינען אין דער עטאַפּ-טורמע. איך בין זיך מוידע. אַז מיט אַ נערוועאישער אומרואיקייט האָב איך זיך צעשיידט מיט מיין קאַמער אין דער „פּרעדוואַרילקע". כ'האָב זיך אַזוי צוגעוויינט צו דערדאָזיקער קליינער קאַיוטע, וואו ס'איז געווען אַזוי גוט צו אַרבעטן. אין דער עטאַפּ-טורמע, ווי מיר האָבן געוואוסט, וועט מען אונז באַזעצן אין איין קאַמער.—און וואָס קאָן זיין שווערער פון דעם? און דערנאָך—ס'איז שוין מיר אַזוי גוט באַקאַנט די בלאָטע, דער טומל און דער האַרמידער אַפן עטאַפּ-וועג. ווער ווייסט, וויפל צייט ס'וועט דורכגיין ביז מיר וועלן קומען אַפן אָרט? און ווער קאָן זאָגן, ווען מיר וועלן זיך אומקערן צוריק? וואָלט שוין ניט בעסער געווען ווי פריער זיצן אינם נאָמער 462, לייענען, שרייבן און וואַרטן? פאַר מיר, ווי איר ווייסט, איז אַ שווערער העלדישער אופטו איבערציען זיך פון איין דירע אין דער צווייטער. און דאָס איבערפאָרן פון איין טורמע אין דער אַנדערער איז הונדערט מאָל פיינלעכער. אַ נייע אַדמיניסטראַציע, נייע רייבונגען, נייע אָנשטריינגונגען זיך צו שאַפן ניט קיין צו אומענטשלעכע באַדינגונגען. און שפּעטער שטייט נאָך פאַר אַן אומענדלעכער בילד פון „נאַטשאַלסטווע". פון אַלערליי פיגורן, אָנהייבנדיק פון דער פּעטערבורגער עטאַפּ-טורמע און ענדיקנדיק מיט אַ סטראָזשניק פון סיבירער דאָרף אַפן אָרט פון פאַרשיקונג. כ'האָב

שוין דורכגעמאַכט איינמאָל דעמדאָזיקן קורס, און איצט טרעט איך צו נאָך אַמאָל איבערכאַזערן דאָסזעלבע ניט מיט קיין איבעריק שטאַרקן כיישעק.

היינט האָט מען אונז איבערגעפירט אַהערצו אומגעריכט. אין אופנעם-קאַמער האָט מען אונז געצוואונגען זיך איבערטון אין אַרעסטאַנטן-קליידער. ס׳איז געווען אינטערעסאַנט אָנצוקוקן איינער דעם צווייטן אין גרויע הויזן, אין אַ גרויען אַרמיאַק און אין אַ גרוי היטל. די באַרימטע כוויז אַף די פּלייצעס איז אָבער ניט געווען. אונזער גרויסע אויפגעטרייסלטע קאָמפּאַניע האָט זיך אַריינגעוואַלגערט אין די נייע מאַלבושים אין קאַמער.

די באַציאונג פון דער אָרטיקער אַדמיניסטראַציע צו אונז איז געווען אַ גאַנץ פיינע, כאָטש ס׳האָבן זיך געטראָגן שלעכטע קלאַנגען וועגן דער „עטאַפּקע”. ס׳איז אַ טוואָרע, אַז דאָ האָבן זיך אַריינגעמישט ספּעציעלע אינסטרוקציעס: גוט אָבהאַנדלען, נאָר קיין אינצידענטן ניט שאַפן. דעם טאָג פון אָפּפאָר האָט מען נאָך דערווייל געהאַלטן בעסאָד-כוידעס. אַפּאַנעם, מע האָט זיך מוירע פאַר דעמאָנסטראַציעס און פאַר פרואוון מיט גוואַלד באַפרייען אונז אין וועג.

[illegible] יאַנואַר.

איך שרייב אייך אין צוג, איצט איז ניין אינדערפרי.

היינט האָט אונז באַנאַכט האַלב פיר אופגעוועקט דער עלטסטער אופזעער, — דער גרעסטער טייל פון אונז האָט זיך אַזוי פאַרשפּילט אין שאָך, אַז מע האָט זיך ערשט צוגעלייגט, — און ער האָט אונז געמאָלדן, אַז זעקס אינדערפרי שיקט מען אונז אָפּ. מיר האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט אַפן אָפּשיקן, אַז איצט האָט די שאָ פון אָפּפאָר אונז געפּלעט מיט איר... אומגעריכטקייט.

און דערנאָך — אַלץ ווי סע געהער צו זיין. איילנדיק און צעטראָגן האָבן מיר פאַרפּאַקעוועט אונזערע זאַכן, דערנאָך האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזן אין אופנעם-צימער, וואוהין מע האָט שוין געבראַכט די ווייבער מיט די קינדער. דאָ האָט אונז „צוגענומען”

דער קאָנוואָי און אייליק באַקוקט די וואַכן. דער פאַרשלאָפענער געהילף האָט איבערגעענטפערט דעם אָפיצער אונזער געלט. דער-נאָך האָט מען אונז אַריינגעזעצט אין אַרעסטאַנטישע קאַרעטעס און אונטער אַ פאַרשטאַרקטן קאָנוואָי האָט מען אונז צוגעשטעלט אַף ניקאָלאַיעווער וואַקזאַל. אינטערעסאַנט, אַז אונזער קאָנוואָי איז היינט עקסטראַ אָנגעקומען פון מאָסקווע. אַפּאַנעם, אַז אַף פעטער-בורגער האָט מען זיך ניט פאַרלאָזן. באַם אופנעם איז דער אָפי-צער געווען זייער פריינטלעך. נאָר אַף אַלע אונזערע פראַגן האָט ער אָפּגעענטפערט, אַז ער ווייסט גאָרניט. ער האָט געמאָלדן, אַז איבער אונז איז דאָ א זשאַנדאַרם-פּאָלקאָווניק, וועלכער גיט אָפּ אַלע פאַראָרדענונגען. און אים, דעם אָפיצער, איז נאָר באַ-פוילן אונז צושטעלן אַפן וואָקזאַל — און שוין. ס'איז מעגלעך, פאַר-שטייט זיך, אַז דאָס איז מער ניט, ווי אַ דיפּלאָמאַטיע פון זיין זייט.

שוין באַלד אַ שאָ, אַז מיר פאָרן. און מיר ווייסן נאָך אלץ ניט צי אַף מאָסקווע, צי אַף וואָלאָגדע — די סאָלדאַטן ווייסן אויך ניט. זיי ווייסן שוין טאַקע אפדערעמעסן ניט.

אונזער וואַגאָן איז אַ באַזונדערער, אַ גוטער. פאַר יע-דערן אַ שלאָף-אָרט. פאַר די וואַכן אויך אַ ספּעציעלער וואַגאָן, וואו סע געפינען זיך, זאָגן די קאָנוואָירן, צען זשאַנדאַרמען, וואָס באַלייטן אונז אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ פּאָלקאָווניק. מיר האָבן זיך באַזעצט מיט אַ געפיל פון מענטשן, וואָס זיי איז שוין אלציינס, מיט וואָס פאַר אַ וועג מע פירט זיי, סייווי וועט מען בריינגען וואוהין מע דאַרף.

ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר פאָרן אף וואָלאָגדע. אונזערע האָבן דערקענט דעם וועג נאָך די נעמען פון די סטאַנציעס.

הייסט עס, אין טיומען וועלן מיר זיין אין 4 טעג-אַרום.

דער אוילעם איז שטאַרק אופגעלעבט. נאָך דרייצן כאַדאָ-שים זיצן אין טורמע, האָט דאָס פאָרן אונז פאַרנומען און אופּ-גערעגט. כאָטש אַף די פענצטער פון וואַגאָן זיינען גראַטעס, נאָר באַלד אונטער זיי איז פרייהייט, לעבן און באַוועגונג... ווי גיך וועט אויסקומען זיך אומקערן צוריק מיט אָט די רעלסן?

11 יאַנואַר.

איבּ דער אָפּיצער פון קאָנוואָי איז פריינטלעך און העס-
לעך, איז וועגן דער קאָמאַנדע שוין ניטאָ וואָס צו רעדן. קימאַט
יעדערער פון זיי האָט געלייענט דעם באַריכט פון אונזער פּראָ-
צעס, און זיי באַציִען זיך צו אונז מיטן גרעסטן מיטגעפיל. אַ-
אינטערעסאַנטע קלייניקייט. ביז דער לעצטער מינוט האָבן די
סאָלדאַטן ניט געוואוסט וועמען און וואוהין זיי פירן. ווערליק
די פּאָרזיכטיקייט, מיט וועלכער מע האָט זיי פלוצלינג צוגע-
שטעלט פון מאָסקווע קיין פּעטערבורג. האָבן זיי גערעכנט ניט
אַנדערש, אַז ס'וועט זיי אויסקומען אונז פירן אין שליסלבורג
אַף טויט-שטראָף. אין אופּגעט-צימער פון „עטאַפּקע" האָב איך
באַמערקט, אַז די קאַנוואָירן זייַנען זייער צערודערט און עפּעס
מאָדנע פריינטלעך. ערשט אין וואַגאָן האָב איך זיך דער-
וואוסט די סיבּע...

ווי אַזוי זיי האָבן זיך דאָס דערפרייט, ווען זיי האָבן זיך
דערוואוסט, אַז זיי האָבן פאַר זיך די „אַרבעטער-דעפּוטאַטן",
וואָס זייַנען פאַרמישפּעט נאָר אַף פאַרשיקן!

די זשאַנדאַרמען, וואָס זייַנען געווען דער אויבער-קאָנוואָי,
האָבן זיך צו אונז אין וואַגאָן אינגאַנצן ניט באַוויזן. זיי האַלטן
די אויסנווייניקסטע וואַך: דינגלען אַרום דעם וואַגאָן אַף די
סטאַנציעס, שטייען אַף קאַראַ‌ול בּאַ דער אויסנווייניקסטער זייט
פון טיר און דאַסגלייכן. אין דערהויפּט. אַפּאַנעס, גיבן זיי אַכטונג
אַף די קאָנוואַירן. אזוי, יעדנפאלס, טראַכטן די סאָלדאַטן אַליין.

וועגן באַזאָרגן אונז מיט וואַסער, מיט אָקרעפּ און מיט מי-
טאָג באַוואָרנט מען פאַרפריער מיטן טעלעגראַף. וואָס צו דעם
איז שאַיעך—פאָרן מיר מיט אַלערליי באַקוועמלעכקייטן.

---

12 יאַנואַר.

אַלץ מער און מער דערווייטערן מיר זיך פון אייך.
שוין פונם ערשטן טאָג אָן האָט זיך דער אוילעם צעשלאָגן
אַף עטלעכע מישפּאָכעדיקע גרופּעס. נאָר דער דאָקטער שטייט

ניט-צו צו קיין איינער פון זיי. מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל. שטענדיק אַ פאַרנוכטענער. און ווערט גאָרניט מיד ער פירט אָן מיט אַלעמען.

באַ אונז אין יאַגאָן, ווי איר ווייסט, זיינען דאָ פיר קינדער. נאָר זיי פירן זיך אידעאַל. ד. ה. אזוי, אז מע פארגעסט, צי זיינען זיי דאָ אַף דער וועלט.

מיט די קאָנוואָירן איז באַ זיי די איינגסטע פריינטשאַפט. די לעפישע סאָלדאַטן ייייזן אַרייס צו זיי די גרעסטע צערטלעכקייט.

ווי „זיי" היטן אונז דאָס אָפ! אַף יעדער סטאַנציע רינגלען אַרום דעם וואַגאָן זשאַנדאַרמען, און אַף די גרויסע — אויסערדעם נאָך סטראַזשניקעס! די זשאַנדאַרמען האַלטן אין די הענט, אויסער די ביקסן, נאָך רעוואָלווערן אויך און שטעלן זיי אָן אַף יעדערן, ווער ס'דערנעענט זיך צום וואַגאָן צופעליק אָדער פון נייגיר.

מיט אַזאַ שטירע באַנוצן זיך היינטיקע צייטן צוויי קאַטעגאָריעס מענטשן: אויסערגעוויינלעך וויכטיקע „פארברעכער", אָדער אויסערגעוויינלעך באַרימטע מיניסטאָרן.

ערשט זיינען מיר אָנגעקומען קיין יאַסקע. ס'ארא באַגעגעניש די וויאַטקער ביוראָקראַטיע האָט דאָס אונז געמאַכט! כ'וואָלט געוואָלט איר זאָלט דאָס זען. פון ביידע זייטן וואַגאָן צו האַלבע ראָטעס סאָלדאַטן אין אַ שערייגע, און דער צווייטער ריי — סטראַזשניקעס מיט ביקסן אַף די פלייצעס. אָפיצערן, דער איספראַווניק, פריסטאַוו א. א. וו. באַס כאמע יאַגאָן, ייי שטענדיק זשאַנדאַרמען.

מיט איין וואָרט, אַזוי ווי אַף אַ מילכאָמע. דאָס האָט, אַפּאָנעם, פירשט גאָרטשאקאָוו, דער אָרטיקער פּאָמפּאדור, צו דער פעטערבורגער אינסטרוקציע צוגעגעבן זיינס. אונזער אויפעס איז באַליידיקט — פאַרוואָס איז ניטאָ קיין אַרטילעריע. מיר מעגן זיך האַלטן גרויס: אַפּאָנעז. אַז אַפילע דער טויטער ר א ט איז פאַר זיי שרעקלעך.

קעדיי צו באַהאַלטן אונזער מארשרוט. וועלכן ס׳איז ניט מעגלעך צו באהאלטן. פארוועלעכס מען אונז שרייבן בריוו פון וועג. אַזוי איז דער באפעל פונם אומגעוועגעם פאַלקאָווניק, אַפּן סמאך פון די פעטערבורגער אינסטרוקציעס. נאָר מיר האָבן באַלד פונה ערשטן טאָג אָנגעהויבן שרייבן בריוו און געהאָפט, אז ס׳וועט זיך איינגעבן זיי איבערשיקן. און מיר האָבן קיין טאָעס ניט געהאַט: די אינסטרוקציע האָט גאָרניט פאָרויסגעזען, אַז בא איר זיינען אינגאַנצן ניטאָ קיין איבערגעגעבענע מענטשן, אין דער צייט, ווען מיר זיינען ארומגערינגלט מיט פריינט.

ח׳ יאַנואַר.

איך שרייב בא אַזוינע טנאָים. מיר שטייען אין א דאָרף צוו נציק ווערסט פון טיימען. נאַכט. א פויערישע שטוב. אַ נידעריקער שמוציקער צימער. דער גאַנצער דיל איז געדיכט באדעקט מיט די קערפערס פון די מיטגלידער פונם ראט פון אַרבעטער-דעפוטאַטן.

מ׳שלאָפט נאָך ניט. מע שמועסט, מע לאַכט. פון דריי באַלאָנים איז מיר אויסגעפאַלן דער גורל אף דעם ברייטן באַנקדיוואַן,—ס׳גייט מיר שטענדיק אין מיין לעבן.

אין טיומען זיינען מיר אָפּגעזעצן דריי מעסלעס. באַגעגנט האָט מען אונז,—און מיר זיינען שוין דערצו געוואוינט געוואָרן—מיט אן אומגעהייערער צאַל סאָלדאַטן פוסגייער און אף פערד.

די רייטער („יעגערי“) זיינען אַרומגעפלויגן און אָפּגעטריבן די גאַסן-איינגלעך. פון וואָקזאַל ביז דער טורמע איז מען געגאַנגען צופוס.

די באַציאונג צו אונז איז ווי פריער אַ שטאַרק געפּעליקע. שוין אַביסל צופיל. אין דערזעלבער צייט ווערן די שמירעמיטלען וואָס ווייטער, אלץ שטרייגער.

פון טיומען זיינען מיר ארויסגעפאָרן אף פערד. אף אונז, 14 פּאָ׳שיקטע, האָט מען געגעבן 52 קאָנוואָי-סאָלדאַטן, ניט רעכענענדיק דעם קאַפּיטאַן, פריסטאַוו און אוראדניק. ס׳איז עפּעס אומ-

געוויינלעכס. אלע כידעשן זיך. און די סאָלדאטן, דער קאַפּיטאַן, דער פּריסטאַוו און דער אוראדניק כידעשן זיך אויך, נאָר אַזוי איז די אינסטרוקציע. איצט פאָרן מיר קיין טאָבאָלסק... מיר באַוועגן זיך זייער לאַנגזאַם. היינט, לעמאַשל, פאָרן טאָג ווייניק מיר דורכגעפאָרן קאָם 20 ווערסט. אַפן עטאַפּ זיינען מיר געקו-מען איינס באַטאָג. פאַרוואָס זאָגן מיר ניט פאָרן ווייטער? מע טאָר ניט. פאַרוואָס טאָר מען ניט? אינסטרוקציע!... ס'זאָל עמע-צער ניט אנטלויפן, פירט מען אונז ניט אפּדערנאַכט—דאָס איז נאָך א געדאַנק, נאָר אין פעטערבורג פאַרגלויבט מען ניט אזוי-פיל דער איניציאַטיוו פון דער אַרטיקער מאכט. אז מע זאָגט דאָרט צונויפגעשטעלט דעם מאַרשרוט אף יעדער ווערסט. איז ס א 3—4 טאָ אין מעסלעס פאָרן מיר. און א 20 טאָ שטייען מיר. בא אזא פאָרעכץ וועט בא אונז דער גאַנצער וועג ביז טאָ-באָלסק—250 ווערסט—פאַרנעמען אַ טאָג 10, הייסט עס. אין טאָ-באָלסק וועלן מיר זיין ערשט דעם 25—26 יאַנוואַר. וויפל וועלן מיר דאָרט שטיין, ווען און וואיהין וועלן מיר ארויספאָרן — איז אומבאוואוסט אָדער, ריכטיקער — מע דערציילט אונז ניט.

ס'גייט הינטער אונז בא א 40 שליטנס. אַף די פעדערשטע די זאכן, דערנאָך—מיר, „דעפּוטאַטן", צו פּאָרלעך, אף יעדער פּאָר צו צוויי סאָלדאטן. אף יעדער שליטן—איין פערד. פונונטן אַ ריי שליטנס אָנגעלאָדן נאָר מיט סאָלדאַטן. דער אָפיצער מיט דעם פּריסטאַוו — פאָרן צוג אין א געדעקט ביידל. מיר פאָרן טראָט בא טראָט. פון טיומען האָבן אונז אף א מעהאַלעך פון עטלעכע ווערסט באַלייט א 20—30 רייטער — „יעגער". מיט איין וואָרט, געדיינקענדיק, אַז אָט די אַלע אומגעהערטע און אומגעזעענע מיטלען פון פאָרזיכטיקייט ווערן אָנגענומען לויט זייער פאַראָרדענונג פון פעטערבורג, מוז מען קומען צום אויספיר. אַז מע וויל אונז איינמאָל פאַר אַלעמאָל צושטעלן אין א גוט הא-וואָרנט אָרט. מע קען דאָך זיך ניט פאָרשטעלן, אז דידאָזיקע רייזע מיט א קעניגלעכער סוויטע איז נאָר אַ פאַשטעטער קאַנצע-לארישער קאַפּריז.

אַלע שלאָפן שוין. אין קיך דיזשורען סאָלדאַטן. אונטערן פענצטער שפּאַצירט א וואַך. די נאַכט איז אַ פּראַכטיקע, א לעוואָגעדיקע, אַ בלויע, אינגאַנצן אין שניי. ס'ארא מאָדנעקייט אָט די אויסגעלייגטע קערפּערס אַפן דיל אין שווערן שלאָף, און סאָלדאַטן באַ דער טיר און באַ דעם פענצטער. נאָר אזוי ווי איך מאַך דאָס שוין דורך דאָס צווייטע מאָל, איז ניטאָ די פרישקייט פון איינדרוק.

אין טיומענער טורמע איז געווען אַסאַך פּאָליטישע. איבערהויפּט אדמיניסטראַטיווע פאַרשיקטע. זיי האָבן זיך פארזאמלט אף א שפּאַציר אונטער אונזער פענצטער, אונז באגריסט מיט לידער און אַפילע אַרויסגעוואָרפן אַ רויטע פאָן מיט אן אופשריפט: „זאָל לעבן די רעוואָלוציע!“ א כאָר איז בא זיי ניט קיין שלעכטער. אַפאַנים, אַז זיי זיצן שוין לאַנג אינאיינעם און האָבן זיך גוט צוגעזונגען. די כצענע איז געווען אַ גאַנץ דערהייבענע און, אויב איר ווילט, אַפילע א רירנדיקע. דורכן פענצטער האָבן מיר זיי באַגריסט מיט עטלעכע ווערטער. אין דערזעלבער טורמע האָבן די קרימינעלע אַרעסטאַנטן אונז אָנגעגעבן זייער א לאַנגע ביטע, וואו זיי האָבן געבעטן, אונז, „די הויכגעשעצטע רעוואָלוציאָנערן פון פעטערבורג“. אויסשטרעקן זיי א האַנט פון הילף.

מיר האָבן געוואָלט איבערגעבן אביסל געלט פאַר די פּאָליטישע פאַרשיקטע. וואָס נייטיקן זיך אַסאך פון זיי זיינען געווען אָן וועש און אָן וואַרעמע מאלבושים. נאָר די טורמע-אדמיניסטראַציע האָט קאַטעגאָריש אָפגעזאָגט. די „אינסטרוקציע“ פאַרווערט וואָסערע סע ניט איז באציאונגען מיט אַנדערע „פּאָליטישע“.

אין טיומען האָט מען אונז ניט דערלויבט אַפשיקן קיין טעלעגראַמעס. קעדיי צו פאַרבאַהאַלטן די צייט און דאָס אָרט, וואו מיר זיינען. ס'אַרא ניפשעס! גלייך ווי די מיליטערישע דעמאָנסטראַציעס אף אונזער וועג באַווייזן ניט יעדער ליידיקגייער אונזער מאַרשרוט!

**18 יאנואר. פּאָקראָווסקאַיע.**

איך שרייב פונם דריטן עטאַפּ-פונקט. מיר ווערן קראַנק פון לאַנגזאַם פאָרן. מיר מאַכן ניט מער פון 6 ווערסט אַ שאָ און פאָרן ניט מער פון 5—4 שאָ אַ מעסלעס. ס'איז נאָך גוט, וואָס די קעלטן זיינען ניט קיין גרויסע: 20°—25°—30° R. מיט א וואָך דריי צוריק האָבן די פרעסט דערגרייכט ביז 52°. מיר וואָלטן גוט אפגעשיינט מיט קליינע קינדער בא אַזאַ טעמפּע-ראַטור.

ס'בלייבט נאָך א וואָך פאָרן ביז טאָבאָלסק. ניט קיין צייטונ-גען, ניט קיין בריוו און ניט קיין יעדיעס. פונדאַנען שרייבן קומט אויס אָן אַ זיכערקייט, אַז די בריוו וועלן אָנקומען אַפן אָרט. ס'איז אונז נאָך אלץ פאַרווערט צו שרייבן פון וועג. מיר זיינען געצוואונגען זיך באַניצן מיט יעדער צופעליקייט. מיט ניט קיין גאָר זיכערע וועגן נאָר אין טאָך איז דאָס אַלץ נאַרישקייטן. אָנגעטון זיינען מיר אלע וואַרעם. עטעמען מיט פאַרגעניגן מיט דער אויסגעצייכנטער פּראַקטיקער לופט נאָך דער וויסטער אט-מאָספער פון דער איינצל-קאַמער. אין סיביר איז אלץ געבליבן ווי מיט אַ 6—5 יאָר צוריק. און אין דערזעלבער צייט האָט זיך אלץ איבערגעביטן: ס'האָבן זיך איבערגעביטן ניט נאָר די סיבירער סאָלדאַטן. — און נאָך ווי אַזוי! — ס'האָבן זיך איבערגעביטן די סיבירער „סטעלדאנעס" (פויערים) אויך; זיי רעדן אף פּאָל-טישע טעמעס, פרעגן, צי „דאָס" וועט זיך גיך ענדיקן. דאָס אינגל, דער שמייסער פון אַ יאָר דרייצן־ער פאַרזיכערט, אַז אים איז פופצן-- רייסט זיך אַפן גאַנצן וועג: „שטיי אוף און דערהייב זיך, דאָס ארבעטער-פאָלק". די סאָלדאַטן, מיט באַשיינ-פערלעכער סימפּאַטיע צום זינגער, רייצן זיך מיט אים און שרעקן, אז זיי וועלן אים פאַרמאַסערן פאַרן אָפיצער, נאָר דאָס אינגל ווייסט גאַנץ גוט, אז אלע זיינען פאַר אים, און אָן מוירע רופט ער צום קאמף דאָס „ארבעטער-פאָלק"...

דער ערשטער אָפּשטעל, פון וועלכן איך האָב אייך געשריבן, איז געווען אין אַן אומריינער פויערישער שטוב.

---

די שפּעטעריקע צוויי אין קאַזיאָנע עטאַפּ-הייזער, ניט וויני-
קער שמוציקע, נאָר באַקוועמערע. ס'איז פֿאַראַן אַ פֿרויען-און
אַ מענער-אָפּטייל, ס'איז פֿאַראַן אַ קיך. מיר שלאָפֿן אַף נאַרעס.
ריינקייט קאָן מען אָפּהיטן נאָר אַבי וואָסערע. דאָס איז עפּשער
די שווערסטע זייט פֿון אונזער רייזע.

אַהער אין די עטאַפּ-הייזער קומען צו אונז „באַבעס" און פּוי-
ערים מיט מילך, קעז, באַזיירימלעך, שאַנגעס (פּלעצלעך) און מיט
אַנדערע מאַכאָלים. מע לאָזט זיי צו צו אונז, און דאָס איז, איי-
גנטלעך, אומגעזעצלעך. די „אינסטרוקציע" פֿאַרווערט די מינ-
דסטע באַציאונגען מיט זייטיקע, נאָר אַנדערש וואָלט דעם קאָנ-
וואָי אויסגעקומען זייער שווער צו אָרגאַניזירן אונזער דערנערונג.

אַף דער אָרדענונג באַ אונז גיט אַכטונג אונזער סטאַראָסטע
פּ.., וועלכן אַלע —, מיר, דער אָפיצער, די סאָלדאַטן, די פּאָליציע,
די באַבעס-פּאַרקויפערנס, — רופֿן פּאַשעט „דאָקטער". ער ווייזט
אַר יס אומגעהייערע ענערגיע: פּאַרפּאַקעוועט, קויפֿט-איין, קאָכט,
האַדעוועט, לערנט זינגען, קאָמאַנדעוועט און נאָך, און נאָך.

אים צו הילף שיקן מיר אַרויס אין דער ריי „דיזשורנעס",
וואָס זיינען געראָטן איינער אינם צווייטן מיט דעם, וואָס קיי-
נער פֿון זיי טוט גאָר ניט... איצט גרייט מען באַ אונז
אָוונס-ברויט. ס'איז לעבעדיק און טומלדיק. „דער דאָקטער פּאָ-
דערט אַ מעסער"... „דער דאָקטער בעט פּוטער"... „הער דיזשור-
נע, זייט זיך מאַטריעך אַרויסטראָגן די פּאָמעניצע"... דעם דאָק-
טערס שטים: „איר עסט ניט קיין פֿיש? איך קאָן פֿאַר אייך צו-
בראָטן אַ קאָטלעט: מיר איז אַלצייגס"... נאָכן אָוונט-ברויט
סע-ווירט מען אַף די נאַרעס טיי. „אַף טיי" דיזשורן באַ אונז
די ראַמען. אַזוי איז דער סדר וואָס דער דאָקטער האָט באַ
אונז איינגעשטעלט.

23 יאַנואַר.

איך שרייב אייך פֿון פֿאַר דעם לעצטן אָפּשטעל, וואָס פֿאַר
סאַבאַלסק. דאָ איז אַן אויסגעצייכנט עטאַפּ-הויז, אַ נייע, אַ גרויסע

און אַ ריינע. נאָך דער שמוק פון די לעצטע עטאַפּן רוען מיר זיך דאָ אויס מיט דער נעשאָמע און מיטן גוף. ביז טאָבאָלסק איז נאָך געבליבן אַ ווערסט 60. און איר זאָלט וויסן, ווי מיר טרוימען די לעצטע טעג וועגן אַן „עכטער" טורמע, מיר זאָלן קענען זיך אַרומוואַשן און אָפּרוען זיך. דאָ וואוינט ניט מער, ווי איין פאַרשיקטער. אַ פּאָליטישער „פּאָסעלענעץ", וואָס איז אַמאָל געווען אין אדעס אַ פּאַרקויפער אין אַ „מאָנאָפּאָליע"*) און איז פאַרמישפּעט געוואָרן פאַר פּראָפּאַגאַנדע צווישן סאָלדאַטן. ער פלעג קומען צו אונז מיט פּראָדוקטן אַפן עטאַפּ און פלעג אונז דערציילן וועגן דעם לעבן אין טאָבאָלער גובערניע. דער גרעסטער טייל פאַרשיקטע,—סיי „פּאָסעלענצעס"**), סיי אַדמיני-סטראַטיווע"***)—וואוינט אַרום טאָבאָלסק אַ ווערסט 150 איבער די דערפער. נאָר ס׳זיינען פאַראַן פאַרשיקטע אויך אין בערעזע-ווער אויעזד. דאָרט איז דאָס לעבן אָן אַן ערעך שווערער, און ס׳איז דאָ אַ סאַך, וואָס נייטיקן זיך. צופאַלן פון אנטלויפן איז דאָ אָן אַ שיר. קיין איפּוכט איז קימאַט ניטאָ, און עס איז ניט מעג-לעך. מע כאַפּט די אַנטלאָפענע דערהויפּט אין טיומען און ביכ-לאַל אף דער אַייזנבאַן-ליניע. נאָר דער פּראָצענט פון די גע-כאַפּטע איז ניט קיין גרויסער.

מע היט אונז זייער שטאַרק. דער קאַפּיטאַן האָט ביז גאָר פאַרמאַטערט די כאָלדאַטן, באַשטימענדיק אַף באנאַכט אויסערגע-וויינלעכע דיזשורסטוועס נישט נאָר באַם עטאַפּ-הויז, נאָר אי-בערן גאַנצן דאָרף. און פונדעסטוועגן קאָן מען באַמערקן, אַז וואָס ווייטער מיר באַוועגן זיך צו צאָפּן, אלץ מער ווערט צעשמאַלצן דער רעזשים. מע האָט שוין אונז אָנגעהויבן אַרויס-לאָזן אונטער אַ קאָנוואָי אין די קרייטלעך. מיר גייען אַרום גרו-פּעסווייס איבערן דאָרף. און אַמאָל גייען מיר אַריין צו די

---

* פאַרן קריטער — א מעליטערישע בראַנפן־קלייט.

** די, וואָס קומען אָפּ קאַטאָרגע אין טורמע און בלייבן נאָך אף א באַשטימ-טער צייט פאַרשיקט אין סיביר.

*** פאַרשיקט אין סיביר אָן געריכט.

אָרטיקע פאַרשיקטע. די סאָלדאַטן שטעלן זיך איין פאַר אונז. סע מאַכט זיי נאָענט צו אונז זייער אומצופרידנקייט מיטן קאַפּיטאַן. אין דער שווערסטער לאַגע געפינט זיך דער „אונטער", וואָס פאַרבינדט דעם אָפיצער מיט די סאָלדאַטן.

—ניין, מיינע הערן,—האָט ער אונז איינמאָל געזאָגט פאַר די סאָלדאַטן אין די אויגן.—איצט איז שוין דער אונטער ניט דאָס, וואָס אַמאָל.

—סע מאַכט זיך איצט אויך אַזיינער, וואָס וויל אַזוי ווי פרי־ער,—האָט מען אים אָפּגעענטפערט פון דער גרופּע סאָלדאַטן,—נאָר מע ברעכט אים אָפּ דעם ווײדל און ער ווערט אַ ווײדענער. אַלע האָבן זיך צעלאַכט. דער אונטער האָט זיך אויך צע־לאַכט, נאָר שוין גאָרניט מיט קיין פריילעכן געלעכטער.

26 יאַנוואַר. טאַבאָלסקער טירמע.

צוויי סטאַנציעס פאַר טאָבאָלסק איז צו אונז אַנקעגן ארויס־געפאָרן דער געהילף-איספּראַווניק: פון איין זייט, קעדיי צו פאַר־שטאַרקן די שמירע, פון דער צווייטער זייט — צו פאַרטיפערן די ליבלעכקייט. די קאַראַולן האָט מען פאַרשטאַרקט; דאָס אַרומגיין איבער די קלייטן האָט מען פאַרווערט. פון דער צווייטער זייט, האָט מען די, וואָס האָבן מישפּאָכעס, געגעבן געדעקטע קיביט־קעס. א ווערסט 10 פאַר דער שטאָט זיינען אַרויסגעפאָרן אַנקעגן אונז צוויי פאַרשיקטע. ווי נאָר דער אָפיצער האָט זיי דערזען, האָט ער באַלד „אָנגענומען" מיטלען. ער איז דורכגעפאָרן פאַרביי אונזער גאַנצן צוג און האָט געהייסן די סאָלדאַטן אַראָפּ צו־פוס (ביז איצט זיינען די סאָלדאַטן געפאָרן אין שליטנס), און אזוי האָבן מיר זיך באַוועגט די גאַנצע 10 ווערסט. די סאָלדאַטן, וואָס האָבן געזידלט אף וואָס די וועלט שטייט דעם אָפיצער, זיינען געגאַנגען צופוס אַף ביידע זייטן וועג מיט די ביקסן אַף די אַקסלען.

נאָר דאָ מוז איך איבעררייסן מיין באַשרייבן. דער דאָקטער, וועלכן מע האָט ערשט אַרויסגערופן אין קאָנסאָר, האָט אונז

איבערגעגעבן אַזוי. אונז אַלעמען שיקט מען אָפּ אין דאָרף אָבדאָרסק, מיר וועלן פאָרן צו 40—50 ווערסט אַ טאָג אונטער אַ מיליטערישן קאָנוואָי. פונדאַנען ביז אָבדאָרסק איז העכער 1200 ווערסט מיטן ווינטערדיקן טראַקט, הייסט עס. אַז באַם בעסטן פאָרן, אויב ס'וועלן שטענדיק זיין פערד, ס'וועלן ניט זיין קיין אָפּשטעלן איבער שלאָפקייטן, וועלן מיר פאָרן מער פון אַ כוידעש. אַפן אָרט פון פאַרשיקונג וועלן מיר באַקומען 1 רובל מיט 80 קאָפּיקעס אַ כוידעש.

באַזונדערס שווער איז איצט דאָס פאָרן מיט קליינע קינדער אין משך פון אַ כוידעש. מע זאָגט, אַז פון בערעזאָוו ביז אָבדאָרסק וועט אייסקימען פאָרן אַף הערשן. דידאָזיקע יעדיע האָט באַזונדערס געטראָפן די, וואָס פאָרן מיט מישפּאָכעס. די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע פאַרזיכערט, אַז אינזער נאַרישער מאַרשרוט (40 ווערסט אנשטאָט 100) איז פאַראָרדנט פון פעטערבורג. די דאָרטיקע קאַנצעלאַרישע כאַכאָמים האָבן אַלץ פאַרויסגעזעען, אַז מיר זאָלן ניט קאָנען אַנטלויפן. און מע דאַרף זיי אָפּגעבן די גערעכטיקייט: ניין מיטלען פון 10, וואָס זיי האָבן באַפוילן, האָבן קיין שום זינען ניט געהאַט. די „פרייוויליקע נאָכפאָרנדיקע" פרויען האָבן זיך מישטאַדל געווען, אַז מע זאָל זיי אַרויסלאָזן פון טורמע אַף די דריי טעג, וואָס מיר וועלן פאַרברענגען אין טאָבאָלסק. דער גיבערנאַטער האָט זיי קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. און דאָס איז געווען ניט נאָר אַן אומזין, נאָר אינגאַנצן אומגעזעצלעך. דער אוילעם איז איבערדעם אַביסעלע אויפגערעגט און שרייבט אַ פּראָטעסט. נאָר וואָס קאָן העלפן דער פּראָטעסט, אַז אַף אַלץ איז דאָ איין ענטפער: אַזוי איז די „אינסטרוקציע" פון פעטערבורג. הייסט עס. ס'האָבן זיך באַרעכטיקט די ערשטע צייטונגס-קלאַנגען. פאַרן אָרט פון אונזער פאַרשיקונג האָט מען באַשטימט דעם סאַמע צאָפנדיקן פונקט פון אונזער גובערניע.

דאָ אין טאָבאָלסק האָט מען וועגן אָבדאָרסק אַזאַ מין פאָרשטעלונג, ווי איר אין פעטערבורג. ס'איז נאָר באַוואוסט, אַז

דאָס ערטל געפינט זיך אף יענער זייט פּאָלאַר-קרייז. סע קומט אוף א פראַגע, צי וועט מען אין אָבדאָרסק ניט באַזעצן קיין ספּעציעלע קאָמאַנדע צוליב אונז פאַר אַ שמירע? צי וועט ביכלאַל מעגלעך זיין צו אַנטלויפן. אָדער מיר וועלן געצוואונגען זיין צווישן צאָפּן-פאַלוס און פּאָלאַר-קרייז זיצן און וואַרטן אף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע. נו, מיילע. וועלן מיר זיצן אין אָבדאָרסק און וואַרטן, און מיר וועלן אַרבעטן. שיקט אונז נאָר צו ביכער און צייטונגען. צייטונגען און ביכער. ווער ווייסט, ווי אַזוי וועלן זיך ווייטער אַנטוויקלען די געשעענישן? ווער ווייסט, ווי גיך ס'וועלן מעקוים ווערן אונזערע כעשבוינעס? ס'איז מעגלעך, אַז דאָס יאָר. וואָס מיר וועלן זיין געצוואונגען זיצן אין אָבדאַרסק, וועט זיין דער לעצטער רעוואָלוציאָנערער אָפּרו, וואָס די געשיכטע שענקט אונז. קעדיי צו דערפילן דאָס. וואָס אונז פעלט אין אונזערע קענטענישן, און קעדיי שאַרפער אָנשלייפן אונזער געווער.

29 יאַנואַר.

שוין צוויי טעג, אַז מיר פאָרן פון טאָבאָלסק. סע באַלייטן אונז 30 קאָנוואָירן אונטער דער קאָמאַנדע פון א „אונטער". אַרויסגעפאָרן זיינען מיר מאָנטיק אינדערפרי אף טראָיקעס (פון דער 2-טער סטאַנציע זיינען מיר אַריבער אף פאָרלעך) אין גרויסע „קאָשעוועס" (שליטנס) דער פרימאָרגן איז געווען א גרויסאַרטיקער — אַ לויטערער, א ריינער, א פראָסטיקער. אַרום און אַרום וואַלד, אַן אומבאַוועגלעכער און אינגאַנצן א ווייסער פון פראָסט אפן פאַן פון לויטערן הימל. די פערד יאָגן מעשוגענערווייס. עס איז דאָס געוויינלעכע סיבירער פאָרן. באַם אַרויספאָר פון שטאָט — די טורמע שטייט באַם סאַמע עק — האָט געוואַרט אף אונז דער אָרטיקער פאַרשיקטער אוילעם, א מענטשן 50—40. ס'איז געווען אַסאַך באַגריסונגען און פּרוּוון צו דערקענען איינער דעם צווייטן. נאָר מיר האָבן זיך גיך דורכגעיאָגט פאַרביי. צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג זיינען געגאַנגען וועגן אונז לעגענדעס:

אייניקע האָבן געזאָגט, אַז דאָס פאָרן אין פאַרשיקונג פינף גענעראַלן און צוויי גובערנאַטאָרן; אַנדערע—אַז דאָס פאָרט אַ גראַף מיט זיין מישפּאָכע. דריטע — אַז דאָס פירט מען די מיט-גלידער פון דער מעלוכע-דומע*. און צום סאָף האָט די באַלע-באָסטע, בא וועלכער מיר זיינען היינט געשטאַנען, געפרעגט באַם דאָקטער:

—איר וועט אייך זיין פּאָליטיקער?

—יאָ, פּאָליטיקער.

—נאָר איר וועט אַפּאַנעט זיין די עלטערע איבער אַלע פּאָ-ליטיקער.

ערשט געפינען מיר זיך אין אַ גרויסן ריינעם צימער. באַ-קלעפּט מיט שפּאַלער, אַפן טיש אַ סיראַטע, אַ געפאַרבטער דיל, גרויסע פענצטער, צוויי לאָמפּן. דאָס אַלץ איז זייער איינגענעמען נאָך די שמוציקע עטאַפּן. נאָר שלאָפן וועט אויסקימען אַפן דיל, ווייל מיר זיינען ניין אין איין צימער. אינזער קאָנוואָי האָט זיך איבערגעביטן אין טאָבאָלסק. אין אַף וויפל דער טיומענער קאָנוואָי איז געווען פריינטלעך און גוט צו אונז, אַף אַזויפיל האָט זיך דער טאָבאָלער אַרויסגעוויזן פּאַסקודניש און גראָב. דאָס דער-קלערט זיך דערמיט, וואָס ס׳איז ניטאָ קיין אָפיצער. פאַר אַלץ זיינען פאַראַנטוואָרטלעך די סאָלדאַטן אַליין. נאָר אין צוויי טעג אַרום איז שוין דער קאָנוואָי צעשטאַרצט געוואָרן.

און איצט שטעלן זיך באַ אונז איין מיט דער גרעסטער טייל סאָלדאַטן גלענצנדע באַציאונגען, און דאָס איז גאָרניט קיין קלייניקייט אין אַזאַ ווייטן וועג.

אָנהייבנדיק פון טאָבאָלסק, זיינען קימאַט אין יעדן דאָרף פאַראַן פּאָליטישע, מערסטנטייל „אַגראַרניקעס“ (פויערים פאַר-שיקטע פאַר אומרוען), סאָלדאַטן, אַרבעטער. און זייער זעלטן אינטעליגענץ. פאַראַן אַדמיניסטראַטיוו פאַרשיקטע. פאַראַן אויך פאַרשיקטע „פּאָסעלענצעס“. אין צוויי דערפער, דורך וועלכע מיר זיינען דורכגעפאָרן, האָבן די „פּאָליטיקער“ אָרגאַניזירט

*) פאַרלאַמענט—פאַרן קייסער.

וועֶרקשטאַטן — אַרטעלן, וואָס גיבן אַ געוויסן פאַרדינסט. ביכלאל, האָבן מיר קיין שווערע נויט ביז איצט ניט באַגעגנט. דאָס איז דערפאַר, וואָס דאָס לעבן אין די ערטער איז זייער ביליק, די „פּאָליטישע" אָרדענען זיך איין באַ די פויערים פאַר קוואַרטיר און עסן פאַר 6 רובל אַ כוידעש.-פאַר 10 רובל קען מען שוין לעבן „גאַנץ גוט". ייאָס ווייטער צו צאָפן, אַלץ טייערער איז דאָס לעבן און אַלץ שווערער איז צו געפינען אַ פאַרדינסט.

מיר האָבן באַגעגנט כאַווייריב. וואָס האָבן געלעבט אין אָ ב ד אָ ר ס ק. זיי רופן זיך אַלע זייער גוט אָפּ וועגן דעמדאָזיקן אָרט. א גרויס דאָרף. העכער 1000 איינוואוינער. צוועלף קלייטן. הייזער שטאָטישע. אַסאַך גוטע דירעס. אַן אויסגעצייכנט באַרגיק אָרט. זייער אַ געזונטער קלימאַט. די אַרבעטער ווערן האָבן אַרבעט. מע קאָן האָבן לעקציעס. עמעס. דאָס לעבן איז אביסל טייערלעך, נאָר דערפאַר זיינען די פאַרדינסטן העכער. נאָר איין כעסאָרן האָט דאָס אויסגעצייכנטע אָרט -- ס'איז קימאַט אינגאַנצן אָפּגעשניטן פון דער גאָרער וועלט. ביזן אייזנבאַן—אָנדערהאַלבן טויזנט ווערסט. ביזן נאָענטסטן טעלעגראַף און פאָטשט— 800. די פאָטשט קומט אָן איינמאָל אין צוויי וואָכן, נאָר אין דער צייט, ווען דער וועג איז שלעכט,—פרילינג-צייט און הארבסט— קומט זי גאָרניט אָן אַ כאדאָשים אָנדערהאַלבן אָדער צוויי. וואָלט באַלד געוואָרן אין פעטערבורג אַ צייטווייליקע רעגירונג, וואָלט אין אָבדאָרסק נאָך לאַנג געוועלטיקט דער סטאנאוואָי*).

מיט דערדאָזיקער אָפּגעריסנקייט פון טאבאלער טראַקט דערקלערט זיך, וואָס אָבדאַרסק איז פאַרהעלטנמעסיק אַזוי לעבעדיק, ווייל ער שטעלט פאָר מיט זיך אַ זעלבשטענדיקן צענטר פון אַ גוואַלטיקן קאנט. די פאַרשיקטע פאַרזיצן זיך ניט לאַנג אַף איין און דעמזעלבן אָרט. זייער אַרומוואַנדערן איבער דער גובערניע קומט פאָר אָן אַן אופהער. די שיפן, וואָס קורסירן איבער דעם טייך אָב, פירן די פאָליטישע אומזיסט. די געצאָלטע פאַסאַזשירן שפאָרן זיך צו אין אַ ווינקל. און די

*) פריסטאַוו.

וואנדערנדיקע פּאָליטיקער פאַרכאַפּן די בעסטע ערטער. אלע זיינען דערצו אַזוי צוגעוויינט געוואָרן, אַז די פּייערים - אָנטרייבער, ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז מע שיקט אונז קיין אָבדאָרסק, האָבן זיי אונז געזאָגט:

— נו, דאָס איז ניט אַף לאַנג. פרילינג-צייט וועט איר קומען צוריק אַף אַ דאַמפּער.

נאָר ווער ווייסט, אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען מיר וועלן זיך דאָרטן געפינען מיר. די סאָוועטישע — אין מיט וואָס פאַר אַ ציל מע שיקט אונז קיין אבדאָרסק, דערווייל ביז וואָס איז אָפּגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז מע זאָל אונז צושטעלן אין וועג די בעסטע קאָשעוועס און די בעסטע דירעס.

אָבדאָרסק! אַ קליין פּינטעלע אַפן ערד-קיילעך. מעגלעך, אַז אַף יאָרן לאַנג וועט אויסקומען צופּאַסן דאָס לעבן צו אָבדאָרער באַדינגונגען. מיט צונויפגעדריקטע ציין בייק איך נאָך דער עלעקטרישער שיין פון אַ גאַסן-לאַמטערן, נאָכן גערויש פון טראַמוואַי, און נאָך דאָס בעסטע, וואָס ס׳איז פאַראַן אַף דער וועלט — נאָכן רייעך פון אַ פרישער צייטונגס-בלאַט.

[illegible]

היינט איז פּונקט דאָסזעלבע, וואָס נעכטן. דורכגעפאָרן העכער 50 ווערסט. מיט מיר צוזאַמען אין קאָשעווע איז געזעסן אַ סאָלדאַט, וואָס האָט מיך פאַרנומען מיט מעשׂיות אַף מאַנדזשורער מילכאָמע-טעמעס. ס׳קאָנוואָירן אונז די סאָלדאַטן פון סיבירער פּאָלק, וואָס האָט זיך קוים אינגאַנצן באַנייט נאָך דער מילכאָמע. דערדאָזיקער פּאָלק האָט געליטן מער ווי אַלע. איין טייל פון אים שטייט אין טיומען, אַ טייל אין טאָבאָלסק. די טיומענער סאָלדאַטן, ווי איך האָב שוין געשריבן, זיינען געווען צו אונז זייער פריינטלעך. די טאָבאָלער — גראָבער. צווישן זיי איז דאָ אַ גרויסע גרופּע באַוואוסטזיניקע שוואַרצמייעניקעס. דער פּאָלק באַשטייט פון פוילן, אוקראַינער און סיביריאַקעס. דער אָפּגעשטאַנענסטער עלעמענט זיינען די אָרטיקע סיביריאַקעס, נאָר

צווישן זיי טרעפן זיך אויך אויסגעצייכנטע יונגען. שוין אַ טאָג צוויי, אַז אונזערע נייע קאָנוואָירן זיינען געוואָרן ווייכער, און דאָס איז גאָרניט קיין קלייניקייט. אַט-אָ די כצוורע הערשן דאָך איצט איבער אונזער לעבן און טויט!

פון טאָבאָלסק זיינען מיר אַרויסגעפאָרן אַף טראָיקעס. נאָך אַפן צווייטן טאָג שוין האָט מען זיי פאַרביטן מיט פאָרן, ווייל דער וועג איז געוואָרן אַלץ שמעלער און שמעלער.

אין די דערפער, וואו מיר בייטן די פערד, וואַרטן אַף אונז שוין איינגעשפּאַנטע שליטנס. מיר זעצן זיך איבער אונטערן דאָרף אין פעלד, די גאַנצע באַפעלקערונג שיט געדיכטלעך ארויס אַ קוק צו טון אַף אונז. ס'קומען פאָר לעבעדיקע סצענעס. אין דער צייט, וואָס די פּויערטעס האַלטן צו אונזערע פערד פאַר די ציימלעך, פאַרנעמען זיך די פּויערים. אונטער דער אָנפירונג פונם „דאָקטער", מיט אונזער באַגאַזש. און די קינדער לויפן אַרום טומלדיק און פריילעך אַרום אונז. נעכטן האָבן די פּאָליטי-קער אונז געוואָלט אָפּפאָטאָגראַפירן בעאייסן בייטן די פערד. און זיי האָבן געוואַרט מיטן אַפּאַראַט בא דער וואָלאָסט־פאַרוואַל-טונג. נאָר מיר האָבן דורכגעיאָגט פאַרביי זיי, און זיי האָבן גאָרניט באַוויזן צו טון. היינט באַם אַריינפאָרן אין דאָרף, וואו מיר נעכ-טיקן איצט, האָבן אונז באַגעגנט די „פּאָליטיקער" מיט אַ רויטער פאָן אין האַנט. זיי זיינען פערצן מענטשן, פון זיי אַ צען גרו-זינער. די סאָלדאַטן האָבן זיך צעפּאָלאָכעט. אַז זיי האָבן דערזען די רויטע פאָן, זיי האָבן אָנגעהויבן וואָרענען מיט די שפּיזן, זיי האָבן געשריגן, אַז זיי וועלן שיסן. סאָפּקאָלטאָך האָט מען די פאָן צוגענומען און די „דעמאָנסטראַנטן" אָפּגעשטופּט. צווישן אונ-זער קאָנוואָי זיינען פאַראַן סאָלדאַטן, וואָס גרופירן זיך אַרום י ע פ ר יי ט אָ ר. ס'איז אַ אומגעווייגלעך גראָבע און אַכזאָרעסדי-קע באַשעפעניש. פאַר אים איז קיין גרעסערער פאַרגעניגן נישטאָ, ווי אַ שטויס טון דאָס אינגל, דעם שמייסער, דערשרעקן אַף טויט אַ באָבע, אַ טאַטאַרקע, אָדער מיט אַלע קויכעס אַ זעץ טון אַ פערד מיט דער ביקס. אַ ציגלגער פּאָנעם, האַלב-אָפענער מויל,

אַנבלוטיקע יאסלעס, ניטפינטלדיקע אויגן גיבן אים צו אַ אידישן אויסזען. דער יעפרייטאָר געפינט זיך אין אַ שטאַרקער אָפּאָזיציע צום „אונטער", וואָס קאָמאַנדעוועט מיטן קאָנוואָי. לויט זיין מיינונג, איז דער „אונטער". בענעג"ייע צו אונז ניט גענוג אַנטשלאָסן. ווי מע דאַרף אַרויסרייסן אַ רויטע פאָן, אָדער אַ שטויס כון אין ברוסט אַ פאָליטישן, וואָס איז צו נאָענט צוגעגאַן צו אונזער שליטן, דאָרט איז דער יעפרייטאָר שטענדיק דער ערשטער, אין דער שפיץ פון זיין גרופע. מיר מוזן זיך אַלע איינהאַלטן, קעדיי צו אויסמיידן וואָסער סע ניט איז שאַרפן צוזאַמענשטויס. ווייל אין דעם פאַל וואָלט מען ניט געקענט אויסרעכענען, אַז פאַר אונז זאָל זיך איינשטעלן דער „אונטער". וואָס האָט זיך מוירע פאַרן יעפרייטאָר, ווי פאַרן טויט.

2 פעברואר, אינט. דעמיאנסק.

ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס בא אונזער אַריינפאָר אין יוראָווסק האָט מען די רויטע פאָן צוגענומען, האָט זיך היינט באַוויזן אַ נייע, אריינגעשטעקט אַף אַ הויכן שטאָק, אין אַ שניי־באַרג באַם אַרויספאָר פון דאָרף. איצטיקס מאָל האָט קיינער די פאָן ניט געטשעפעט. די סאָלדאַטן, וואָס האָבן ערשט זיך איינגעמאַסטעט, האָט זיך ניט געגלוסט אַרויסקריכן פון די קאָשעוועס, און אַזוי זיינען מיר דורכגעפאַרן פארביי דער פאָן ווייטער. אַף אַ מעהאַלעך פון עטלעכע הונדערט טריט פונם דאָרף, ווען מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן צום טייך, האָבן מיר דערזעען אַף איין זייט פון אַ שניי־שיפּוע אַן אויפשריפט אָנגעצייכנט מיט גרויסע אויסיעס: „זאָל לעבן די רעוואָלוציע"! מיין אָנטרייבער, אַ באָכער פון אַ יאָר אַכצן, האָט זיך פריילעך צעלאַכט. אַז איך האָב איבערגעלייענט דעם אויפשריפט.

— און איר ווייסט ניט, וואָס הייסט דאָס אַזוינס, זאָל לעבן די רעוואָלוציע? — האָב איך אים אַ פרעג געטון.

ער האָט אַ טראַכט געטון און געענטפערט:

— ניין, איך ווייס ניט. איך ווייס, אַז מע שרייט: „זאָל לעבן

די רעוואָלוציע". נאָר אפן פּאָנעם האָט מען באַ אים דערקענט, אַז ער ווייסט מער איידער ער וויל זאָגן. ביכלאַל. באַציען זיך די אָרטיקע פּויערים, באַזונדערס די יוגנט, זייער פריינטלעך צו די פּאָליטישע.

אין דעמיאַנסק—אַ גרויס דאָרף, וואו מיר געפינען זיך איצט — זיינען מיר געקומען צו פּאָרן איינס אַזייגער. באַגעגנט האָט אונז אַ גרויסער אוּלעם פון פּאַרשיקטע—זיי זיינען דאָ העכער 60 מענטשן. אַ גרויסער טייל פון אונזערע קאַנוואָירן זיינען שטאַרק צעטומלט געוואָרן. דער יעפרייטאָר האָט באַלד פאַרזאַמלט ארום זיך זיינע איבערגעגעבענע און איז גרייט געווען, ווי נאָר מע וועט דאַרפן, זיך נעמען צו דער אַרבעט. צום גליק איז אַלצדינג אָפּגעגאַן בעשאָלעם. מע האָט דאָ געוואַרט אַף אינז, אַפּאָנעם, לאַנג און זייער נערוועזיש. ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיסיע צו אָרגאַניזירן די באַגעגעניש. מע האָט צוגעגרייט אַ גרויסאַרטיקן וואַרעמעס אין אַ קאָמפּאָרטאַבעלנער דירע. אין דער אָרטיקער „קאָמונע". נאָר אין דער דירע האָט מען אונז ניט געלאָזן. מיר האָבן זיך געמוזט אָפּשטעלן אין אַ פּויערישער שטוב. און דעם וואַרעמעס האָט מען געבראַכט אַהערצו. באַגעגעניש מיט די פּאָליטישע זיינען אָנגעקומען זייער שווער. ס׳האָט זיך זיי איינגעגעבן אריינכאַפּן צו אונז נאָר אַף אַ פּאָר מינוט צו צוויי. צו דריי מענטשן מיט פאַרשיידענע טיילן פונם וואַרעמעס. אויסערדעם זיינען מיר געגאַן לויט אַ ריי אין קלייטל אונטער אַ קאָנוואָי, און אַפן וועג זיך איבערגעוואָרפן מיט עטלעכע ווערטער מיט די כאַווייריים, וואָס האָבן אַגאַנצן טאָג דיזשורעט אפן גאַס. איינע פון די אָרטיקע פּאַרשיקטע איז אריין צו אונז אין די קליידער פון אַ פּויערטע, קלאָמערשט אַף צו פּאַרקויפן מילך, און האָט זייער גוט געשפּילט איר ראָל, נאָר דער באַלעבאָס פון דער דירע האָט, אַפּאָנעם, זי פאַרמאַסערט פאַר די סאָלדאַטן, און יענע האָבן אָנגעהויבן פּאָדערן זי זאָל די מינוט אַוועקגיין. אַזוי ווי אַף צולאָכעס, האָט באַ אונז דיזשורעט דער יעפרייטאָר. איך האָב זיך דערמאַנט, ווי אַמאָל האָט אונזער א ו ס ט-ק ו ט י ש ע קאָ-

לאָניע (אַף דער לענע) זיך געגרייט צו באַגעגענען יעדער פאַרטיע פאַרשיקטע. מע פלעג קאָכן באָרשטש, קלעפּן קרעפּלעך, מיט איין וואָרט — דורכגעמאַכט דאָס אַלץ, וואָס איצטער האָבן צוליב אונז געטון די דעמיאַנאָווער. דער דורכפאָר פון אַ גרויסער פאַרטיע איז אַ גוואַלטיקע געשעעניש פאַר יעדער קאָלאָניע, וואָס וואוינט אַפן וועג און ווארט מיט אומגעדולד אַף אַ יעדיע פון דער ווייטער היים.

4 פעווראַל. — איינער אינאיינעם. צינגאַלינישע יורטעס.

אַף אונזערע איינגעשפּאַרטע פאָדערונגען האָט דער פּריסטאַוו זיך אָנגעפרעגט באַ דער טאָבאָלער אדמיניסטראציע, צי קען מען ניט פאַרגיכערן דעם טעמפּ פון אונזער רייזע פון טאבאָלסק. אַפּאָנעם, מע האָט זיך פאַרבונדן מיט פּעטערבורג, און אין רעזולטאַט האָט מען איבערגעגעבן דעם פּריסטאַוו דורכן טעלעגראַף, ער זאָל טון, ווי ער פאַרשטייט. מע זאָל רעכענען, אַז פון איצט וועלן מיר מאַכן דורכשניטלעך 70 ווערסט אַ טאָג, וועלן מיר אָנקומען אין אָבדאָרסק דעם 18, 20 פעוראַל. פאַרשטייט זיך, דאָס זייען אַלץ סוואָרעסדיקע כעשבוינעס.

מיר שטייען אין אַ דערפל, וואָס הייסט צ י נ ג אַ ל י נ י ש ע י ו ר ט ע ס. אייגנטלעך, זיינען דאָס ניט קיין יורטעס, נאָר הילצערנע שטיבלעך. די באַפעלקערונג באַשטייט דערהויפּט פון אָסטיאַקעס—אַ שטארק אויסגעדריקטער ניט רוסישער טיפּ. נאָר דאָס ארט לעבן און רעדן איז אַ ריין פויערישער. מע שיקערט נאָר מער, איידער די סיבירער פויערים. מע טרינקט אַלע טאָג, מע טרינקט פון גאַנצפרי. און צו באַטאָג-צו איז מען שוין שיקער.

אינטערעסאַנטע זאַכן דערציילט אונז דער אָרטיקער פאַרשיקטער, דער לערער ג. דערהערנדיק, אַז ס'פאָרן אומבאַוואוסטע פאַרשוינען, וואָס מע באַגעגנט זיי מיט אַ גרויסער פּאָמפּע, האָבן די אָסטיאַקעס זיך דערשראָקן, האָבן ניט געטרונקן קיין ווין און האָבן אַפילע באַהאַלטן דעם ווין, וואָס איז באַ זיי געווען

מערהייט היינט ניכטער. צו פאַרגרייס, און דערפאַר איז דאָס די באַמערקט, איז אונזער פאַרנאַכט-צו אָבער. אף וויפל איך האָב אַהיים אַ שיקערער. באַלעבאָס דער אַסטיאַק געקומען קריגן איז שוין פליישער. דאָ הייבן זיך שוין אָן פיש-ערטער.

דאָ הייבן זיך שוין אָן פיש-ערטער. האָס שווערער. דער לערער, וועגן וועלכן איך האָב דערמאָנט, האָט דער פאַרשיקטע א פישער-אָרגאַניזירט פון די פויערים און פון די פאַרשיקטע א פישער-אַרטעל. האָט געקויפט נעצן און פירט אַליין אָן מיטן פאַנג. ווי אַ סטאַראָסטע, און פירט אליין די פיש קיין סאבאלסק. פארן פא-ריקן זומער האָט די אַרטעל פאַרדינט העכער 100 רובל אַף אַ מענטשן. מע פאַסט זיך צו...

סטיוראל. סאבאראיאָ

נעכטן זיינען מיר דורכגעפאָרן 65 ווערסט. היינט 73, מאָרגן זיינען אַנערעך אויך אַזויפיל. דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן פאַס זיינען מיר שוין לאַנג איבערגעפאָרן. די אָרטיקע פויערים, אי די רוסישע, אי די אָסטיאַקעס, פאַרנעמען זיך נאָר מיט פישפאַנג.

די סאָבאָלער גובערניע איז דאָ באַזעצט מיט פאָליטישע... ס'איז ניטאָ קיין איין פאַרוואָרפן דערפל, וואו ס'זאָל ניט זיין קיין פאַרשיקטער.

אין אַזאַך ערטער באַשעפטיקן זיך די פאָליטיקער צוזאַמען מיט די אָרטיקע איינוואוינער, זאַמלען אינײנעם צעדער-שישקעס, כאַפן פיש, זאַמלען יאַגעדעס, גייען אַף געיעג. אַנדערע פון זיי האָבן ארגאניזירט קאָאָפעראַטיווע ווערקשטאַטן, פישער-אַרטעלן, געברויך-קלייטלעך. די באַציאונג פון די פויערים צו די פאָליטי-שע איז אַן אויסגעצייכנטע. אַזוי האָבן, צום ביישפיל, די פויערים דאָ אין סאַמאראָוואָ — א גרויס האַנדלס-דאָרף — אָפּגעגעבן אום-זיסט פאַר די פאָליטיקער אַ גאַנץ הויז און האָבן געשיינקט די ערשטע פאַרשיקטע, וואָס זיינען געקומען אַהער, אַ קאַלב און צוויי זעק מעל. די קלייטלעך לאָזן אָפּ פאַר די פאָליטישע פראָ-דוקטן וועלוועלער, ווי פאר די פויערים — אַזוי איז שוין איינגע-פירט. אַ טייל פון די אָרטיקע פאַרשיקטע וואוינט אין אַ קאָמונע

אין זייער אייגן הויז. אַף יועלכן ס׳פלאַסטערט שטענדיק אַ רויטע פאָן. פּרואווט זיך. זייט אזוי גוט, אופשטעלן א רויטע פאָן אין פּאַריזש, בערלין. אָדער אין זשענעווע!

8 פעווראל. קאריבקרינער יורסעס

נעכטן זיינען מיר אָפגעפאָרן 75 ווערסט. היינט 90. אַז מיר קומען אַף אַ סטאַנציע. זיינען מיר פארמאַטערט און לייגן זיך פרי שלאָפן.

מיר שטייען אין אַ אָסטיאַקיש דאָרף. אין א קליין שמוציק שטיבל. אין דער שמוציקער קיך צוזאַמען מיט די שיקערע אָסטיאַקעס טאָפּטשען זיך די דערפרוירענע קאַנוואָי-סאלדאטן. אין אן אנדער אָפּטיילונג מעקעט א לעמעלע... אין דאָרף איז א כאסענע, — איצט איז ביכלאל די צייט פון כאסענעס, — אלע אָסטיאקעס טרינקען, און שיקערע. קריכן זיי צו אונז פון צייט צו צייט אין שטוב ארײַן.

ס׳איז געקומען צו אונז צו גאַסט אַ סאַראַטאָווער אַלטינקער, אַן אדמיניסטראַטיוו-פארשיקטער. אויך א שיקערער. ווייזט זיך ארויס, אז ער איז מיט זיין כאווער געקומען אהער פון בערעזאָוו נאָך פלייש! מיט דעם באַשעפטיקן זיי זיך, ביידע „פּאָליטיקער“.

ס׳איז שווער זיך פאָרצושטעלן די :רויסע צוגרייט-ארבעט, וואָס דאָ ווערט אָפּגעטון צוליב אונזער רייזע. אונזער צוג, ווי איך האָב שוין געשריבן, באַשטייט פון 22 קאָשעוועס און פאַרנעמט ביז 50 פערד. אזא צאָל איז זעלטן דאָ אין איין דאָרף, און מע טרייבט זיי צונויף פונוויטן. אף אנדערע סטאנציעס האָבן מיר באגעגנט פערד, אָנגעטריבענע פון 100 ווערסט די ווייט. און אונזערע דורכלויפן זיינען דאָך זייער קורצע: אין מערסטן טייל 15 — 10 ווערסט. הייסט עס. אז אן אָסטיאַק קומט אויס טרייבן א פערדל אַף 100 ווערסט, קעדיי צו דורכפירן צוויי מיט-גלידער פון ראט פון ארבעטער-דעפּוטאטן אף א מעהאלעך פון 10 ווערסט. און אזוי ווי מע קען קיינמאָל ניט וויסן פינקט-לעך, ווען ווען ווען מיר קומען, וואַרטן אַף אונז די פורמאנעס. וואָס

קומען אָן פון ווייטע ערטער, אָפטמאָל צו צוויי וואָכן. זיי דער-
מאָנען זיך נאָך איין מאל אזעלכן,—דאָס איז ווען איבער די ער-
טער איז דורכגעפאָרן אליין דער גובערנאַטער.

כ׳האָב שוין א פאָר מאָל דערמאָנט וועגן דער סימפאטיע, מיט וועלכער סע באציען זיך די אָרטיקע פויערים צו די „פּאָלי-טיקער״ ביכלאל, באזונדערס צו אונז. א וואונדערלעכער צופאל איז פאָרגעקומען מיט אונז אין ב ע ל ג א ר י ע, א קליין דערפל, שוין אין בערעזאָווער אויעזד. א גרופע אָרטיקע פויערים האָבן קאָלעקטיוו איינגעאָרדנט פאר אונז טיי און פארבייסן און צונויפ-געקליבן פאר אונז 6 רובל. פון געלט, פארשטייט זיך, האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט, נאָר טיי טרינקען האָבן מיר זיך געלאָזן גיין. דער קאָנוואָיר האָט זיך אָבער איינגעשפארט, און ס׳האָט זיך אונז ניט איינגעגעבן זיך אָנטרינקען מיט טיי. דער „א ו נ ט ע ר״, אייגנטלעך, האָט ערלויבט, נאָר דער יעפרייטאָר האָט אופגעהויבן א גאנצן שטורעם, האָט געשריגן אפן גאנצן דאָרף, האָט געשראָקן דעם אונטער מיט א מעסירע. מיר האָבן געמוזט אוועק פון שטוב אָן טיי. קימאט דאָס גאנצע דאָרף איז אונז נאָכגעגאַן. ס׳האָט זיך באקומען א דעמאָנסטראציע.

9 פעווראל, דאָרף קאנדרינסק.

נאָך 100 ווערסט אָפּגעפאָרן. ביז בערעזאָוו איז נאָך צוויי מעסלעס פאָרן. דעם עלפטן וועלן מיר זיין דאָרט. היינט זייגען מיר רעכט פארמאטערט געוואָרן. אין א מעשעך פון גיין, צען שאָ פאָרן אָן אן אופהער. קומט אויס גאָרנישט ניט עסן. מיר פאָרן די גאנצע צייט מיט דער אָב, אדער „מיט די טייכן—מיט די אָבן״, ווי סע דריקן זיך אויס די פורמאַנעס. דער רעכטער ברעג — א בארגיקער, א וואלדיקער, דער לינקער—א נידעריקער. דער טייך— א ברייטער, שטיל און ווארעם. פון ביידע זייטן וועג שטעקן טע-נענביימלעך: מע שטעקט זיי אריין אין שניי צו באצייכענען דעם וועג. ס׳פירן אונז דא ס׳ראוו אָסטיאַקעס. מע פירט אף פאָר-לעך און אף טראָיקעס, געשפאנט נאשפיק, ווייל וואָס ווייטער,

ווערט דער ווענ אלץ שמעלער און שמעלער. בא די אָנטרייבער איז א לאנגע שטריקענע בייטש אף א לאנגן בייטש-שטעקן. דער צוג ציט זיך אויס אף א גוואלטיקן מעהאלעך. פון צייט צו צייט הוקעט דער פורמאן מיט א ווילד קאָל. דעמאָלט טראָגן זיך די פערד אין שפרונג („נא-מאש", הייסט עס דאָ). ס'הייבט זיך אוף א געדיכטער שנייאיקער שטויב. ס'פארכאפט דעם אָטעם. איין קאָשעווע פליט אָן אף דער צווייטער. פערדישע מאָרדעס שטעקן זיך אריבער פון אונטער די אקסלען און אָטעמען אין פּאָנעם. דערנאָך קערט זיך עמעצער איבער, אָדער בא איינעם א פורמאן. צעבינדט זיך עפּעס, אָדער סע צערייסט זיך. שטעלט ער זיך אָפּ. שטעלט זיך אָפּ דער גאַנצער צוג. פון לאנג פאָרן פילסטו זיך, ווי דו וואָלסט געווען פּאראהיפּנאָטיזירט. ס'איז שטיל, די פורמאנעס שרייען זיך איבער מיט גאָרגלדיקע אָסטיאקישע קלאנגען. דערנאָך גיבן די פערד א ריס פון אָרט און טראָגן זיך נ א-מ א ש. אָפּטע אָפּשטעלן פּאראהאלטן שטארק און לאָזן ניט די אָנטרייבער זיי זאָלן ווייזן וואָס זיי קענען. מיר מאכן א ווערסט 15 א שאָ. און דאָ הייסט געפאָרן בא אכצן, צוואנציק, אָדער אפילע פינף און צוואנציק ווערסט אין א שאָ...

געשווינד פאָרן אין סיביר איז א געוויינלעכע, אין א געוויסן זין, א נייטיקע זאך, איבער די גוואלטיקע שטרעקעס. נאָר אזא פאָרן, ווי דאָ, האָב איך אפילע אף דער לענע ניט געזעען.

מיר קומען צו פאָרן אַף אַ סטאַנציע. אונטערן דאָרף וואַרטן שוין איינגעשפּאַנטע קאָשעוועס און פרייע פערד. מיר זעצן זיך גיך איבער און פאָרן ווייטער. אַף כידושים זיצט דאָ דער אָנ-טרייבער! אַף דער פאָרנטיקער זייט פון דער קאַשעווע איז צוגע-קלאַפּט אינדערברייט באַם סאַמע בראָג אַ ברעט. דאָס דאָ-זיקע אָרט פון דער קאשעווע הייסט „בעסעדקעס". דער אָנטריי-בער זיצט אַף דער הויכער ברעט, אַראָפּגעלאָזט די פיס איבערן באָרט פונם שליטן אף אַ זייט. אין דער צייט. ווען די פערד יאָגן אין גאלאָפּ, און די קאשעווע שטעלט זיך אָט אַף איין קאנט, אָט אַפן צווייטן, רעגולירט זי דער אָנטרייבער מיט זיין קערפּער,

איבערבייגנדיק זיך פון איין זייט אַף דער צווייטער און ערטער-ווייס אָפּשטויסנדיק זיך מיט די פיס פון דער ערד.

12 פעווראַל. בערעזאָוו. טורמע.

פינף, זעקס טעג צוריק—כ׳האָב אייך דעמאָלט וועגן דעם ניט געשריבן, קעדיי ניט אָנטון אייך קיין איבעריקע יעסורים,—זיינען מיר דורכגעפאָרן דורך אַ געגנט, וואָס איז אינגאַנצן אָנגעשטעקט מיט פלעקן-טיפוס. איצט זיינען שוין די ערטער ווייט הינטער אונז. אין די צינגאַלינער יורטעס, וועגן וועלכע איך האָב שוין דערמאָנט, איז פון 60 הייזער אין 30 געווען טיף. דאָסזעלבע אין אַנדערע אישואַווים. אָן אַ שיר טויט-צופאַלן. ס׳איז קימאַט ניט געווען קיין איין אָנטרייבער, בײַ וועלכן ס׳איז עמעצער פון די קרויווים ניט געשטאָרבן.

דאָס פאַרגיכערן פון אונזער רייזע געפינט זיך אין אַ דירעקטן צוזאַמענהאַנג מיטן טיפוס. דער פריסטאַוו האָט מאָטיווירט זיין טעלעגראַפישע אָנפראַגע מיט דער נייטיקייט וואָס גיכער אויספעלן די אָנגעשטעקטע ערטער.

די לעצטע צייט פאָרן מיר אין יעדן טאָג אַ 100—90 ווערסט צו צאָפן, דאָס הייסט קימאַט אַף אַ גראַדוס. אַדאַנק אַזאַ מין פאָרן, טרעט אַרויס פאַר אונז אַלץ שאַרפער דאָס פאַלן פון קולטור—אויב מע קאָן דאָ רעדן וועגן קולטור. יעדן טאָג לאָזן מיר זיך אַראָפּ אַף איין טרעפּ אין דער הערשאַפט פון קעלט און ווילדקייט. אַזאַ מין איינדרוק פילט אַ טוריסט, וואָס הייבט זיך אַלץ אַף אַ הויכן באַרג און האַקט איבער איין זאָנע נאָך דער צווייטער. פריער זיינען געגאַנגען פאַרמעגלעכע רוסישע פּויערים, דערנאָך פאַרוסישטע אָסטיאַקן, וואָס האָבן אַפּדער-האַלב, איבער געמישטע כאַסענעס, אָנגעוואָרן זייער מאָנגאָלישן אָנבליק. ווייטער האָבן מיר אויסגעפעלט דעם לאַנדווירטשאַפט-לעכן פּאַס. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דער אָסטיאַק—דער פישער, דער אָסטיאַק—דער יעגער; אַ קליינוואוקסיק, באַוואַקסן באַ-

שפּעניש, וואָס רעדט קאָם רוסיש. פּערד איז געוואָרן אַלץ ווייניקער, און די פּערד אַלץ ערגער.

אין די ערטער איז אַ יעגער־הונט טייערער פון אַ פּערד. דער וועג איז אויך געוואָרן אַלץ ערגער: אַ שמאָלער, ניט קיין אויסגעטראָטענער... און פונדעסטוועגן זיינען די אָרטיקע „טראַקט״־אָסטיאַקעס, לויט די ווערטער פונם פּריסטאַוו, אַ ביי־שפּיל פון העכער קולטור אין פאַרגלייך מיט יענע, וואָס וואוי־נען אַף די בייטייכן פון אָב.

די באַציאונגען צו אונז זיינען דאָ אומקלאָרע, כאַשעדיקע, אָט ווי צו ציטווייליק־געפאַלענער העכער נאַטשאַלסטווע. איין אָסטיאַק האָט היינט געפרעגט:

— און וואו איז אייער גענעראַל? ווייזט מיר... דעם גענעראַל אָט אַף וועמען איך וואָלט געוואָלט א קוק טאָן. כ׳האָב נאָך אין לעבן ניט געזען קיין גענעראַל.

אַז איינער אַ אָסטיאַק האָט איינגעשפּאַנט עפּעס אַ שלעכט פערד, האָט דער אַנדערער אַף אים אָנגעשריגן.

— גיב אַ בעסערס: ס׳איז דאָך ניט פאַר קיין פּריסטאַוו שפּאַנסטו.

כאָטש ס׳איז אויך געווען אַ פאַרקערטער, — עמעס, איינ־אונאיינציקער צופאַל —, ווען אַ אָסטיאַק האָט עפּעס איבער אַ סיבע באַם איינשפּאַנען אַ זאָג געטאָן:

— נישקאָשע, ניט קיין גרויסע מיטגלידער פאָרן.

נעכטן אינאָוונט זיינען מיר אָנגעקומען אין בערעזאָוו. איר וועט דאָך ניט פאָדערן, פאַרשטייט זיך, אַז איך זאָל אייך באַשרייבן די שטאָט. ס׳איז ענלעך אַף ווערכאָלענסק, אַף קירענסק און אַף אַסאַך אַנדערע שטעט, וואָס פאַרמאָגן באַ טויזנט איינוואוינער, אַ איספּראַווניק און אַ מעלוכע־קאַסע.

מע האָט אונז געבראַכט גלייך אין טורמע. באַם ארייַנגאַנג איז געשטאַנען דער גאַנצער אָרטיקער גאַרניזאָן, א מענטשן פופציק, שפּאַלערווייס. ווי ס׳ווייזט זיך אויס, האָט מען די טורמע צו אונזער אָנקומען באַפרייט פריער פון די אַרעסטאַנטן און זי

געוואַשן און געריייניקט אַ וואָכן צוויי. אין איינער פון די קאַ־
מערן האָבן מיר געפונען אַ גרויסן טיש, פאַרשפרייט מיט א
טישטעך, ווינער שטולן, לאָמבערט-טישלעך, צוויי לייכטער מיט
ליכט און אַ פאמיליען-לאָמפּ.

דאָ וועלן מיר זיך אויסרוען אַ טאָג צוויי, דערנאָך וועלן מיר זיך לאָזן ווייטער.

יאָ, ווייטער...

נאָר איך האָב נאָך באַ זיך ניט באשלאָסן — אין וועלכער זייט...

———

# צוריק

די ערשטע צייט אין וועג האָב איך אף יעדער אָפּשטעל זיך אומגעקוקט צוריק, און איך האָב מיט שרעק געזעען, אַז דער מעהאַלעך פון דער אייזנבאַן ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. אָבּדאָרסק איז פאַר קיינעם פון אונז ניט געווען דער עק פון אונזער וועג, און פאַר מיר אויך ניט. דער געדאַנק וועגן אַנטלויפן האָט מיך ניט אָפּגעלאָזט אף קיין איין מינוט. דער פּאַס און די נייטיקע געלט אַפן וועג זיינען בא מיר געווען קונציק אַריינגעטון אין פּאָדעשווע פון שטיוול. נאָך דער אומגעהייער גרויסער קאָנוואָי און דער רעזשים פון וואַכעדיקן אופזיכט האָט שטאַרק פאַרשווערט דאָס אנטלויפן פון וועג. מע דאַרף פונדעסטוועגן זאָגן, אַז אנטלויפן איז פּאָרט מעגלעך געווען, פאַרשטייט זיך, ניט פאַר אלע מיטאמאָל, נאָר פאַר איינאיינציקן. ס'איז געווען עטלעכע פּלענער, און דאַווקע אַזוינע, וואָס מע האָט געקאָנט אויספילן, נאָר ס'האָבן געשראָקן די רעזולטאטן פונם אנטלויפן פאַר די, וואָס וועלן בלייבּן. פאַרן צושטעלן די פאַרשיקטע אַפן אָרט האָבן געענטפערט די קאָנוואָי-סאָלדאטן און פריער פון אַלעמען דער אונטער-אָפיצער. דעם פאָריקן יאָר איז איין טאָבּאָלער „א ו נ ט ע ר״ אריינגעפאַלן אין דיסציפּלינאַרן באַטאַליאָן דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרזעען אַן אַדמיניסטראַטיוו פאַרשיקטן סטודענט. דער טאָבּאָלער קאָנוואָי האָט זיך אָנגעשפּיצט און האָט אָנגעהויבּן אסאַך ערגער זיך באַגיין מיט די פאַרשיקטע אין וועג. דערנאָך האָט זיך איינגעשטעלט צווישן דעם קאָנוואָי און די פאַרשיקטע אַ מין שווייגנדיקער אָפּמאַך — ניט אנטלויפן פון וועג.

אַז מיר זיינען דורכגעפאָרן עטלעכע הונדערט ווערסט, האָט זיך שוין אויסגעאַרבעט די אינערציע פון באַוועגן זיך, און איך האָב זיך שוין ניט אומגעקוקט צוריק. כ׳האָב געקוקט פאָרויס, געשטרעבט אַפן „אָרט״, געזאָרגט פאַר דעם, איך זאָל באַצייטנס באַקומען ביכער און צייטונגען. מיט איין וואָרט, איך בין געווען גרייט אַף באַזעצן זיך... אין בערעזאָווו איז דידאַקטישע שטימונג מיטאַמאָל פאַרשוואונדן געוואָרן.

— צי קאָן מען פונדאַנען אַנטלויפן?

—פרילינג-צייט איז גרינג.

— איצט?

—שווער, נאָר מע דאַרף רעכענען, אַז מע קאָן. קיין פּרוּוון זיינען נאָך פונדעסטוועגן ניט געווען.

אלע, לאַכלוטן אַלע האָבן אַזוי געזאָגט, אַז אַוועקפאָרן פרי-לינג איז גרינג און פּראָסט. אין גרונט פון דער פּראַקטיקייט ליגט דאָס, וואָס ס׳איז פיזיש אוממעגלעך פאַר דער קליינצאָלי-קער פּאָליציי צו קאָנטראָלירן די אוממענדלעך גרויסע צאָל פאַר-שיקטע. נאָר דער אופזיכט איבער פופצן פאַרשיקטע, וואָס מע באַזעצט אין איין אָרט און מען גיט אַף זיי אויסערגעוויינלעך אַכטונג, איז פאָרט מעגלעך. זיך אומקערן באַלד איז אַסאַך זי-כערער.

נאָר צוליבדעם מוז מען פּריער פאַר אלץ בלייבן אין בערעזאָווו. פאַרפאָרן ביז אָבדאָרסק—הייסט זיך דערווייטערן נאָך אף 480 ווערסט פונעם ציל. ווען איך האָב געמאָלדן, אַז איך בין קראַנק און פאַרמאַטערט, אז איך קאָן באַלד ניט פאָרן און מיט גוטן וועל איך ניט פאָרן, האָט דער איספּראַווניק זיך אויסגע-אייצעט מיטן דאָקטער און האָט מיך געלאָזן אַף עטלעכע טעג אין בערעזאָווו זיך אָפּרוען. מע האָט מיך אַריינגעגעבן אין שפּיטאָל. קיין קלאָרע פּלענער זיינען נאָך דערווייל באַ מיר ניט געווען.

אין שפּיטאָל האָב איך זיך איינגעאָרדנט פּאַרהעלטנמעסיק פריי. דער דאָקטער האָט מיר רעקאָמענדירט וואָס מער שפּאַנען

און איך האָב אויסגענוצט מיינע שפּאַצירן קעדיי צו אָריענטירן זיך אין דער לאַגע.

פּאָשעטער פון אַלץ, וואָלט זיך געדאַכט, איז אומקערן זיך צוריק מיט דעמזעלבן וועג, מיט וועלכן מע האָט אונז געבראַכט אין בערעזאָוו, דאָס הייסט, מיטן גרויסן „סאָבּאָלער טראקט", נאָר מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער וועג מוז זיין ניט קיין זיכערער. עמעס, איבערן וועג איז פאַראַן א געוויסע צאָל זיכערע פּויערים, וואָס וועלן שטילערהייט איבערפירן פון דאָרף צו דאָרף, נאָר פונדעסטוועגן — וויפל ניט קיין געוואוינשענע באַגעגענישן קאָנען זיך דאָ טרעפן. די גאַנצע אַדמיניסטראַציע לעבט און פאַרט איבערן טראַקט. אין צוויי מעסלעס, און פאַר אַ גויט אַפילע גיכער, קאָן מען פון בערעזאָוו צופאָרן ביז דעם ערשטן טעלעגראַף-פונקט און פונדאָרטן איבערגעבן דער פּאָליציי איבערן גאַנצן וועג ביז טאָבּאָלסק. פון דער ריכטונג האָב איך זיך אָפּגעזאָגט.

מע קאָן אַף הערשן אריבער איבערן אוראל און מיט דער אזשמע זיך צושלאָגן צו אַרכאַנגעלסק, דאָרטן זיך דערוואַרטן אַף די ערשטע פאַראַכאָדן און אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד. ביז ארכאנגעלסק איז דער וועג אַ זיכערער — איבער פאַרוואָרפענע ערטער. אף וויפל איז אָבער ניט געפערלעך דאָס זיין אין ארכאַנגעלסק? ווען דעם האָב איך קיין שום יעדיעס ניט געהאַט, און ס'איז ניט געווען פונוואַנען צו קריגן זיי פאַר אזאַ קורצער צייט.

בעסער פון אַלץ איז מיר געפעלן געוואָרן דער דריטער פּלאַן: דורכפאָרן אַף הערשן ביז די אוראלער בארג-זאוואָדן, טרעפן בא באָגאָסלאָווער זאַוואָד אף דער שמאל-קאָלייקער אייזנבאַן און צופאָרן מיט איר ביז קושווע, וואו זי שליסט זיך איין אין דער פּערמער ליניע. און דאָרט גייט פּערם, וויאטקע, וואָלאָגדע, פּעטערבורג, העלסינגפאָרס.

צו די זאַוואָדן קאָן מען זיך לאָזן אַף הערשן גלייך פון בערעזאָוו מיט דער סאָסווע אָדער וואָגולקע. דאָ צעשנט זיך

מיטאמאל א ווילדעניש און א פאַרוואָרפעניש. קיין שום פּאָ-ליציי אף אַ מעהאַלעך פון טויזנטער ווערסט, קיין איין רוסישער אישעוו, נאָר זעלטענע אָסטיאַקישע יורטעס,—פון אַ טעלעגראַף, פאַרשטייט זיך, איז קיין זײכער ניטאָ. אַפּן גאַנצן וועג איז קיין פערד ניט צו געפינען. דער טראַקט איז אויסשליסלעך א „הער-שענער". מע דאַרף נאָר אויסשפּילן בּאַ דער בּערעזאָווער אַד-מיניסטראַציע אַבּיסל צייט—וועלן זיי שוין ניט אָניאָגן, אַפילע זיי זאָלן זיך וואַרפן אין דערזעלבּער ריכטונג.

מע האָט געוואָרנט, אַז דער וועג איז פול מיט שוועריקייטן און מיט פיזישע געפאַרן. ס'מאַכט זיך, אז אף הונדערטער ווערסט איז ניטאָ קיין מענטשלעכע וואוינונג. בּאַ די אָסטיאַקן, די איינ-ציקע איינוואוינער פון דעם קאַנט, ווילדעווען אַנשטעקנדיקע קריינק, ס'גייט ניט אויס קיין סיפיליס, און אָפטער גאַסט איז פלעקן-טיף. אַף קיין הילף איז ניטאָ פונוואַנען צו וואַרטן. דעם ווינטער איז אין די אָוראָווינער יורטעס, וואָס ליגן אפּן סאָס-ווינער וועג, געשטאָרבּן דער יונגער בּערעזאָווער סויכער דאָבּ-ראָוואָלסקי. צוויי וואָכן האָט ער זיך הילפלאָז געוואָרפן אין היץ. און וואָס ווערט זיין, אַז ס'וועט פאַלן אַ הערש און ס'וועט ניט זיין וואו צו קריגן קיין פאַרבּייט? און דער בּוראַן? ער געדוי-ערט אָפטמאָל עטלעכע מעסלעס. אויבּ ער וועט פאַקן אין וועג, איז פאַרפאַלן. און איצט איז דאָך פעווראַל, דער כוידעש פון בּוראַנען. און צי איז גאַר איצט פאַראַן א וועג צו די זאַוואָדן? די בּאַוועגונג איז דאָרט זעלטן, און אויבּ אין די לעצטע טעג זיינען די אָסטיאַקן ניט דורכגעפאָרן איבּער יענע ערטער, דאַרף דער שפור אין אַסאַך ערטער זיין אינגאַנצן פאַרווייט... הייסט עס, אַז ס'איז ניט שווער אַראָפּשלאָגן זיך פון וועג... אַזוי האָט מען געוואָרנט. אָפּלייקענען די געפאַר האָט מען ניט געקאָנט. דער טאָבּאָלער טראַקט, פאַרשטייט זיך, האָט געהאַט גרעסערע מאַ'לעס מיצאַד דער פיזישער זיכערקייט און „קאָמפאָרט", נאָר טאַקע דערפאַר איז ער געווען אָן אַן עבּעך געפערלעכער אין פּאָ-ליצייאישן זין.

איך האָב באשלאָסן זיך לאָזן מיט דער סאָסווע, און איצט האָב איך ניט וואָס צו כאַראַטע האָבן אף דעם.

ס׳איז נאָר געבליבן ערגעץ געפינען אַ מענטשן, וואָס זאָל זיך אונטערנעמען מיך צופירן ביז די זאַוואָדן, דאָס הייסט, ס׳איז געבליבן סאַמע דאָס שווערסטע.

—שטייט, איך וועל דאָס איך איינאָרדענען,—האָט מיר געזאָגט נאָך לאַנגע שמועסן און טראַכטענישן דער יונגער „ליבעראַלער" סויכער ניקיטאַ סעראַפיאַניטש, מיט וועלכן איך האָב וועגן דעם געפירט אונטערהאַנדלונגען. א ווערסט פערציק דאָ אונטערן שטאָט וואוינט א זיריער, ניקיפאָר רופט מען אים. איז שוין דאָס איינמאל א פויגל, ער איז מיט צוויי קעפּ, ער וועט גיין אף אַלץ.

—אָבער ער טרינקט גוט? — האָב איך געפרעגט.

—וואָס הייסט ניט טרינקען? — ער טרינקט. און ווער טרינקט דאָ ניט. טאקע איבער ווײַן האָט ער זיך געפּאַטערט. א גוטער יעגער, פלעג פריער באַקומען אסאַך סויבלען, גרויסע געלט פאַרדינט... נו, נאָר ס׳איז גאָרנישט, אויב ער וועט זיך אונטערנעמען, וועט ער מיט גאָטס הילף זיך איינהאַלטן פון טרינקען. איך וועל צו אים א פּאָר טון, דאס איז אַזאַ פויגל... אויב ער וועט שוין ניט אָפּפירן, וועט קיינער ניט אָפּפירן.

צוזאַמען מיט ניקיטאַ סעראַפיאַניטש האבן מיר אויסגעאַרבעט די טנאים פונם אָפּמאַך. איך קויף א טראָיקע הערשן, סאַמע די בעסטע, דער שליטן איז אויך מײַנער. אויב ניקיפאָר וועט מיך צושטעלן אף די זאַוואָדן, גייען איבער צו אים די הערשן מיטן שליטן. אויסערדעם צאָל איך אים צו נאָך 50 רובל געלט.

צו פאַרנאַכט-צו האָב איך שוין געוואוסט ענטפער. ניקיפאָר איז מאַסקים. היינט לאָזט ער זיך אַוועק אין טשום, אַ ווערסט פופציק פון זײַן וואוינונג, און מאָרגן צו-מיטאָג וועט ער ברענגען אַ טראָיקע פון די בעסטע הערשן. אַרויספאָרן וועט מען קענען אַפילע מאָרגן בײַנאַכט. צו יענער צייט דאַרף מען זיך פאַרגרייטן

מיט אלץ, וואָס איז נייטיק: קויפן גוטע הערשן-קיסן[1]) און טשיזשן[2]), אַ מאליצע[3]) אָדער אַ גוס[4]) און אָנגרייטן פראָוויזיע אַף אַ טאָג צען. דידאָזיקע ארבעט האָט אַף זיך איינגאנצן גענו-מען ניקיטאַ סעראפיאָניטש.

— איך זאָג אייך, — האָט ער מיך פארזיכערט, — אַז ניקיפאָר וועט אַרויספירן. דער וועט שוין אַרויספירן!

— אויב ער וועט זיך ניט אָנטרינקען, — האָב איך אים אָפּ-געענטפערט מיט ניט זיכערקייט.

— נו, נישקאָשע, גאָט וועט העלפן, ער וועט זיך ניט אָנטרינ-קען. ער האָט זיך נאָר מוירע, אז מיטן בארג וועט ער דעם וועג ניט געפינען, ער איז שוין אכט יאָר ניט געפאָרן. מעגלעך, אַז ס'וועט אויסקומען פאָרן מיטן טייך ביז די שאָמינער יורטעס, און דאָס איז אַסאַך ווייטער.

די זאך איז באשטאנען אָט אין וואָס: פון בערעזאָוו אַף די שאָמינער יורטעס זיינען דאָ צוויי וועגן: איינער „מיטן באַרג", גלייך, האַקט איבער אין עטלעכע ערטער דעם טייך וואָגולקע און גייט דורך איבער וויזשפורטימער יורטעס. דער אנדע-רער ציט זיך מיט דער סאָסווע, איבער שייטאנער, מאלע-יעווער יורטעס און אַנדערע. מיטן בארג איז צוויי מאָל נעענטער, נאָר דאָס איז אן אָרט אַ פארוואָרפנס, זעלטן ווען ס'פאָרט דורך אַן אָסטיאַק, און דער וועג ווערט אָפטמאָל איינגאַנצן פארשאָטן מיט שניי.

ס'האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז אפן צווייטן טאָג אַרויס-פאָרן איז אומעגלעך. ניקיטאַ האָט קיין הערשן ניט געבראכט, און וואו איז ער, וואָס טוט זיך מיט אים, איז ניט באוואוסט. ניקיטאַ סעראפיאָניטש האָט זיך געפילט זייער פארשעמט.

---

1) קיסן — שטיוול פון הערשענעם פוטער מיט דער וואָל אַף דרויסן.

2) זאקן פון הערשענעם פוטער מיט דער וואָל צום פוס.

3) אן אויבערשט קלייד פון הערשענעם פוטער מיט דער וואל צום לייב.

4) דאסזעלבע, טוט זיך אָן אַף דער מאליצע, אז ס'איז שטארק קאלט, מיט דער וואל אינדרויסן.

— צי האָט איר אָקארשט אים ניט געגעבן קיין געלט אַף איינקויפן הערשן?—האָב איך אים געפרעגט.

— נו, וואָס רעדט איר. דאַכט זיך, איך בין אויך ניט קיין אינגעלע. כ׳האָב אים נאָר געגעבן 5 רובל פאר אן אופגאַב, אי דאָס פאר דער ווייב אין די אויגן. אָט וואַרט, איך וועל צו אים היינט נאָכאַמאָל צופאָרן.

דאָס פאָרן האָט זיך אָפּגעצויגן ניט ווינציקער, ווי אַף אַ מעס־לעס. דער איספּראַווניק האָט געקענט יעדן טאָג פאָדערן, איך זאָל אַוועקפאָרן קיין אָבדאָרסק. אַ שלעכטער אָנהייב!

אַרויסגעפאָרן בין איך אפן דריטן טאָג דעם 18 פעוראַל.

אינדערפרי איז אַריינגעקומען אין שפּיטאָל ניקיטאַ סעראַ־פּיאָניטש. ער האָט אָפּגעוואַרט אַף אַ פּאַסיקער מינוט, ווען בא מיר אין צימער איז קיינער ניט געווען, און האָט אַנטשלאָסן געזאָגט:

— היינט עלף אַזייגער באַנאַכט זאָלט איר אומבאַמערקט קומען צו מיר אַהיים. צוועלף איז באַשלאָסן ארויספאָרן. אַלע מיינע קינדער און שטוביקע וועלן היינט אַוועק אַפן ספּעקטאַקל, איך בלייב איינער אַליין אינדערהיים. בא מיר וועט איר זיך איבערטון, וועט אָפּעסן, און איך וועל אייך אָפּפירן מיט מיין פערדל אין וואַלד. ניקיפאָר וואַרט שוין דאָרט אַף אונז. ער וועט אייך פירן מיטן באַרג. נעכטן, זאָגט ער, האָבן צוויי אָסטיאַקישע נארטעס שוין דורכגעלייגט אַ שפּור.

— דאָס איז ענדגילטיק? — האָב איך געפרעגט.

— זיכער און ענדגילטיק.

ביזן אָוונט בין איך אַרומגעגאַן פון איין ווינקל צום אַנדערן. אַכט אַזייגער בין איך אַוועק אין קאַזאַרמע, וואו ס׳איז פאַר־געקומען דער ספּעקטאַקל. איך האָב באַשלאָסן, אַז אַזוי וועט זיין בעסער. די קאַזאַרמע איז געווען איבערגעפולט. אַף דער סטעליע זיינען געהאַנגען דריי גרויסע לאָמפּן. אין די זייטן האָבן געברענט ליכט צוגעפעסטיקטע אַף שפּיזן. דריי מוזיקאַנטן האָבן זיך געטו־ליעט צו דער סאַמע סצענע. די פאָרנטיקע ריי איז געווען פאַר־

נומען פון דער אַדמיניסטראַציע, ווייטער זיינען געזעסן סאָכרים אויסגעמישט מיט „פּאָליטישע". די הינטערשטע רייען זיינען געווען פאַרנומען מיטן פּאָשעטן פאָלק, אָנגעשטעלטע, שטאָטישע איינוואוינער, יונגוואַרג. בא ביידע זייטן פון די ווענט זיינען געשטאַנען סאָלדאַטן. אַף דער סצענע איז שוין געגאַן די שפּיל.

אין אַנטראַקט האָבן די „פּאָליטישע" זיך פאַרזאַמלט אין איין גרופּע און האָבן זיך געטיילט מיט די לעצטע נייס. מע זאָגט, אַז דער איספּראַווניק האָט שטאַרק כאַראָשע, וואָס ער האָט ניט איבערגעלאָזן אין בערעזאָוו די דעפּוטאַטן, וואָס האָבן פאַמיליעס. דער איספּראַווניק האָט דערעכאַגעוו געזאָגט, אַז פונדאַנען אַנט-לויפן איז אומעגלעך. „נו. דאָס האָט ער איבערגעטריבן".—האָט עמעצער דערוווידערט,—„מע פירט דאָך אַהער, הייסט עס, אַז מע קען דורכפאָרן צוריק אויך". די דריי מוזיקאַנטן זיינען אנשוויגן געוואָרן. ס'האָט זיך ווידער אופגעהויבן דער פאָרהאַנג. כ'האָב זיך געזעגנט מיט די כאַווײרים, כ'האָב זיך פאַרענטפערט, אַז איך בין שלאָף, און בין אַוועקגעגאַן.

ניקיטאַ סעראַפּיאָניטש האָט געוואַרט אַף מיר.

— ס'איז נאָך בא אונז געבליבן פונקט גענוג צייט אַף אָפּעסן און זיך איבערטון. ניקיפאָרן איז אָנגעזאָגט געוואָרן, ער זאָל אַרויספאָרן אַפן אָנגעוויזענעם אָרט, ווען אפן פייערלעשער-טורעם וו.ט שלאָגן צוועלף.

אַרום האַלבער נאַכט זיינען מיר אַרויס אין הויף. פון דער-ליכטיק האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס'איז שטאַרק פינצטער. ס'האָט געטונקלט דער שליטן געשפּאַנט מיט זיין פערד. איך האָב זיך אַוועקגעלייגט אַפן דעק פונם שליטן, אונטערגעשפּרייט אפדער-גיך מיט מיין „גוס". ניקיטאַ סעראַפּיאַניטש האָט מיך אינגאַנצן איינגעדעקט מיט אַ גרויסער הורע שטרוי און איינגעבונדן פונויבן מיט שטריק. ס'איז אויסגעקומען, אַזוי ווי ער וואָלט געפירט

מאַסע. די שטרוי איז געווען געפּרוירן, געמישט מיט שניי. פונם אָטעם איז דער שניי גיך אָפּגעגאַן און איז אין פּייכטע שטיקער געפאַלן מיר אַפן פּאָנעם. די הענט האָבן אויך געפּרוירן אין דער קאַלטער שטרוי, ווייל כ'האָב פאַרגעסן אַרויסנעמען די הענטשקעס, און אַ ריר טון זיך אונטער די שטריק איז געווען זייער שווער. אַפן טורעם האָט געשלאָגן צוועלף. דער שליטן האָט זיך גערירט, מיר זיינען ארויסגעפאָרן פונם טויער, און דאָס פערד האָט גיך אַוועקגעיאָגט איבערן גאַס.

„זיך דערוואַרט אָבער! — האָב איך אַ קלער געטון — ס'האָט זיך אָנגעהויבן!״—און דער געפיל פון קעלט אין די הענט און אין פּאָנעם איז מיר געווען איינגענומען, ווי אַ רעאַלער באַווייז, אַז איצט האָט זיך דאָס שוין טאַקע אינדערעמעסן אָנגעהויבן. מיר זיינען געפאָרן גיך אַ מינוט צוואַנציק, דערנאָך האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. איבער מיר האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער פייף, אָפּאָנעם, ניקיטעס אַ סיגנאַל. באלד האָט זיך דערהערט אַ ענטפער-פייף און דערנאָך זיינען אָנגעקומען עפּעס אומקלאָרע שטימען. „ווער רעדט עס״, — האָב איך אומרואיק אַ טראַכט געטון. אַפּאָנעם, אַז ניקיטאַ איז אויך געווען אומרואיק, ווייל ער האָט מיך ניט צעבונדן און האָט עפּעס געברומט פאַר זיך.

— ווער איז דאָס, —האָב איך אַ פרעג געטון שטילערהייט דורך דער שטרוי.

— דער רוך ווייסט מיט וועמען ער האָט זיך פאַרבונדן, —האָט געענטפערט ניקיטאַ.

— ער איז שיקער?

— דאָס איז דאָך די מאַיסע, וואָס ער איז ניט ניכטער.

דערווייל זיינען פון וואַלד אַפן וועג ארויסגעפאָרן די, וואָס האָבן גערעדט.

— נישקאָשע, ניקיטאַ סעראפיאנאוויטש, נישקאָשע, —האָב איך דערהערט עמעצנס אַ שטים, —זאָל אָט דער סוביעקט זיין רואיק, אָט דער איז מיינער אַ פריינט, און אָט דער אלטער איז מיין פאָטער... ס'איז אַזוינע מענטשן, וואָס שאַ — שטיל...

ניקיטאַ האָט וואָרטשענדיק מיך צעבונדן. פאר מיר איז גע־שטאַנען אַ הויכער פויער אין אַ מאַליצע מיט אַן אָפענעם קאָפּ, אַ העל־געלער, מיט אַ שיקערן און פונדעסטוועגן אַ דורכגעטרי־בענעם פּאָנעם, זייער ענלעך אַף אַן אוקראַינער. אין אַ זייט איז שווייגנדיק געשטאַנען אַ יונגער באָכער, און אַפּן וועג, האַלטנדיק זיך פאַרן שליטן, וואָס איז אַרויסגעפאָרן פון וואַלד, האָט זיך קאַם געהאַלטן אַף די פיס אַן אַלטער. אַפּאָנעם, אַז דער ווײַן האָט אים שוין אינגאַנצן ביַיגעקומען.

— נישקאָשע, מיין האַר, נישקאָשע,—האָט געדעדט דער געלער מענטש. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניקיפאָר.

— דאָס זיינען מיינע מענטשן, איך בין פאַר זיי אָרעוו. ניקיפאָר טרינקט, נאָר דעם סייכל פאַרטרינקט ער ניט... זייט רואיק. מיט אַזוינע אָקסן (ער האָט געוויזן אַף די הערשן)—און ניט צושטעלן... דער פעטער מיכאַיל יעגאָריטש זאָגט: פאָר מיטן באַרג... ערשט זיינען צוויי אָסטיאַקישע נאַרטעס דורכ־געפאָרן... און מיר איז מיטן באַרג בעסער... מיטן טייך קען מיך יעדערער... און איך, אַז איך האָב פאַרופן מיכאַיל יעגאָריטשן אַף קרעפּלעך... אַ וואוי—לער פויער...

— שטיי, שטיי, ניקיפאָר איוואַנאָוויטש, נעם זיך צו די זאַכן,— האָט ניקיטאַ סעראַפּיאָנאָוויטש געהעכערט די שטים.

יענער האָט זיך אָנגעהויבן צוויילן. אין פינף מינוט איז אַלץ געווען פאַרטיק, און איך בין געזעסן אינעם נייעם שליטן.

— עך, ניקיפאָר איוואַנאָוויטש,—האָט געזאָגט מיט פאַרדראָס ניקיטאַ,—אומזיסט האָסטו געבראַכט אַהער אָט די מענטשן: מע האָט דיר אָנגעזאָגט... נו, זע־זשע, — האָט ער זיך געווענדעט צו זיי — איר זאָלט: שאַ — שטיל!

— שאַ־שטיל, — האָט געענטפערט דער יונגער פויער.

דער אַלטער האָט נאָר הילפלאָז אַ מאַך געטון מיטן פינגער אינדערלופטן. איך האָב זיך וואַרעם אָפּגעזעגנט מיט ניקיטאַ סע־ראַפּיאָניטשן.

— פאָר.

ניקיפאָר האָט בראַוו אַ הוקע געטון, די הערשן האָבן אַ ריס געטון, און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן.

די הערשן זיינען געלאָפן מונטער, מיט אַראָפּגעהאַנגענע צינגער אַף אַ זייט און אָטעמענדיק אָפּט — טשו-טשו-טשו. דער וועג איז געווען אַ שמאָלער, די הערשן האָבן זיך צונויפגעשטופּט אין איין קופּע. ס'איז געווען אַ כידעש, ווי אַזוי שטערן זיי ניט איינער דעם אַנדערן לויפן.

—מע דאַרף גלייך זאָגן, — האָט זיך אויסגעקערעוועט צו מיר ניקיפאָר,—אַז בעסער פון אָט די הערשן איז ניטאָ. דאָס זיינען אָקכּן געקליבענע: 700 הערשן אין טשערעדע, קיין בעסערע פון די איז ניטאָ. מיכיי דער אַלטער האָט פריער אַפילע ניט געוואָלט הערן: אָט די אָקסן וועל איך ניט אָפּגעבן. דערנאָך, אז מיר האָבן שוין אויסגעטרונקען אַ פלעשל, זאָגט ער: נעם. און אַז ער האָט אָפּגעגעבן די הערשן, האָט ער זיך צעוויינט. „זע, זאָגט ער, אָט דעם פירער (ניקיפאָר האָט אָנגעוויזן אַפן פאָרנטיקן הערש) איז ניט אָפּצושאַצן. אז דו וועסט זיך אומקערן גליקלעך צוריק, וועל איך אים קויפן בא דיר פאַר דיזעלבע געלט". אָט וואָס פאַר אַ אָקכּן דאָס איז! און געלט איז פאַר זיי אויך אָפּגעצאָלט גוטע, נאָר מע דאַרף זאָגן דעם עמעס, זיי זיינען ווערט. נאָר דער פירער אַליין קאָסט בא אונז פינף און צוואַנציק רובל. נאָר באַם פעטער מיכאַיל אָסיפּאָוויטש האָט מען געקענט נעמען אומזיסט, אַף פּראָקאַט. דער פעטער האָט מיר גלייך געזאָגט: „נאר דו, ניקיפאָר",—אַזוי האָט ער געזאָגט, — „דו ביכט אַ נאַר, זאָגט ער, ניקיפאָר, פאַרוואָס האָסטו מיר באַלד ניט געזאָגט, אַז דו פירסט אָט דעם סוביעקט?"

— וואָסער סוביעקט? — האָב איך אים איבערגעשלאָגן די רייד.

— הייסט דאָס אייך, לעמאָשל.

דערנאָך האָב איך געהאַט אַסאַך ~~געלעגנהייטן~~ צו באַמערקן, אַז דאָס וואָרט סוביעקט איז געווען שטאַרק באַליבט אין מיין פורמאַנס לעקסיקאָן.

קאם וואָס מיר זיינען אַפּגעפאָרן אַ ווערסט צען, ערשט ניקיפאָר האָט מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט די הערשן.

— דאָ דאַרפן מיר אָפּקערעווען אין אַ זייט אַ ווערסט פינף, צופאָרן אין אַ טשום... דאָרט איז פונמיינעטוועגן פאַראַן אַ גוס. וואוהין וועל איך פאָרן אין איין מאַליצע? כ'וועל דערפרוירן ווערן! בא מיר איז פאַראַן אַפּילע אַ צעטעלע פון ניקיטאַ סעראַ-פיאָניטש וועגן דעם גוס.

איך בין גאָר צעדולט געוואָרן פון אַזאַ אומזיניקן איינפאַל: פאַרפאָרן אין אַ טשום צען ווערסט פון בערעזאָוו. פון ניקיפאָרס האַלבע ענטפערן האָב איך פאַרשטאַנען, אַז נאָכן גוס האָט ער געדאַרפט נאָך אראָפּפאָרן נעכטן, נאָר ער האָט געשיקערט די לעצטע צוויי טעג דורכאַנאַנד.

— ווי איר ווילט זיך,—האָב איך ארויסגעזאָגט,—איך וועל נאָכן גוס ניט פאָרן. דער רוך ווייסט וואָס דאָס איז! געדאַרפט אינזי-נען האָבן פריער. אַז ס'וועט אייך זיין קאַלט, וועט איר אָנטון אונטער דער מאַליצע מיין פעלק, ער ליגט איצט אונטער מיר, און אז מיר וועלן קומען צום אָרט, וועל איך אייך שיינקען מיין פעלצל, וואָס אַף מיר, עס איז בעסער פון וועלכן גוס איר ווילט.

— נו, איז גוט,—האָט באלד מאַסקים געוועזן ניקיפאָר,—אַף וואָס דאַרפן מיר אַ גוס, מיר וועלן ניט דערפרוירן ווערן. האַ-הא!—האָט ער אַ געשריי געטון אַף די הערשן. אָט די אָקסן וועלן בא אונז אָן אַ שטאָק אויך גיין. האָ-האַ!—נאָר אַף לאַנג האָט בא ניקיפאָרן ניט געקלעקט קיין מונטערקייט, דער ווייַן האָט אים בייגעקומען. ער האָט זיך אָפּגעלאָזן, זיך געשאָקלט אַף די נאַרטעס פון איין זייט אַף דער צווייטער, אלץ פעסטער אַנשלאָפן געוואָרן. עט-לעכע מאָל האָב איך אים געוועקט. ער פלעג זיך אופטרייסלן, א שטויס טון די הערשן מיטן לאַנגן שטאָק און א ברום געטאָן: „נישקאָשע, די אָקסן וועלן גיין"— און נאָכאַמאָל אַנשלאָפן געוואָרן. די הערשן זיינען געגאַנגען קימאט טראָט בא טראָט. נאָר מיינע אויסגעשרייען האָבן זיי אַביסל אונטערגעטריבן. אזוי איז אַוועקגעגאַנגען צוויי שאָ, דערנאָך בין איך אויך אנגעדרימלט

געוואָרן. איך האָב זיך אופגעכאַפּט אין עטלעכע מינוט אַרום, ווען איך האָב דערפילט, אַז די הערשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. פונם שלאָף האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אַלץ איז פאַרפאַלן...

— ניקיפאָר! — האָב איך אַ געשריי געטון מיט אַלע קויכעס, און כ'האָב אים אָנגעהויבן רייסן פאַרן אַקסל. ער האָט מיר אָפּגעענטפערט מיט עטלעכע אומפאַרשטענדלעכע, אָפּגעריסענע ווערטער: „וואָס קען איך טון? גאָרנישט קען איך ניט טון! איך וויל שלאָפן"...

מיט מיר האָט אינדערעמעסן געהאַלטן זייער טרויעריק. מיר זיינען קאָם אָפּגעפאָרן פון בעראזאָוו אַ ווערסט 30—40. קיין אָפּשטעל אַף אַזאַ מעהאַלעך איז גאָר ניט אַריין אין מיינע פּלענער. כ'האָב דערזעען, אַז ס'איז ניט גוט און האָב באַשלאָסן „אָנעמען מיטלען".

— ניקיפאָר! האָב איך אַ געשריי געטון און אַראָפּגעשלעפּט דעם קאַפּיושאָן פון זיין שיקערן קאָפּ און אים אָפּגעדעקט פאַרן פראָסט.

— אויב איר וועט זיך ניט זעצן ווי סע דאַרף צו זיין און וועט ניט אָנטרייבן די הערשן, וועל איך אייך אַראָפּוואַרפן אַפן שניי און וועל אליין אַוועקפאָרן.

ניקיפאָר איז אַביסל געקומען צו זיך: צי פונם פראָסט, צי פון מיינע ווערטער — דאָס ווייס איך ניט. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין שלאָף האָט ער אַרויסגעלאָזן פון די הענט דעם שטאָק. זיך שאָקלענדיק און זיך קראַצנדיק, האָט ער אויסגעזוכט אין שליטן אַ האַק, אויסגעהאַקט באַם וועג אַ יונגינקע סאָסנע און זי אָפּגערייניקט פון די צווייגן. דער שטאָק איז פאַרטיק געוואָרן, און מיר האָבן זיך גערירט פונם אָרט.

איך האָב באַשלאָסן זיך האַלטן מיט ניקיפאָרן שטרענג.

— איר פאַרשטייט, וואָס איר טוט? — האָב איך אים געפרעגט אַזוי, אַז ס'זאָל זיין וואָס שטרענגער. — וואָס איז דאָס, אַ ווערטעלע, וואָס? אַז מע וועט אונז אָניאָגן, מיינט איר, מע וועט אונז אַ גלעט טון?

— וואָס איז, איך פאַרשטיי דען ניט,—האָט געענטפערט ניקי-פאָר, קומענדיק אלץ מער און מער צו זיך, — וואָס רעדט איר, אָט נאָר דער דריטער אָקס איז בא אונז שוואכלעך. דער ערשטער אָקס איז גוט, בעסער דאַרף מען ניט, און דער צווייטער אָקס איז גוט... נו, און דער דריטער, דאַרף מען זאָגן דעם עמעס, איז גאָר אַ שמאַטע.

דער פראָסט האָט צו סאָג-צו זיך געשטאַרקט. כ'האָב אַפן פעלצל אָנגעטון דעם גוט, כ'האָב זיך דערפילט זייער גוט, נאָר ניקיפאָרס לאַגע איז געוואָרן אלץ ערגער. די שיקרעס איז ארויס פון אים, דער פראָסט האָט זיך שוין לאַנג פאַרקליבן צו אים אונטער דער באַליצע, און דער אומגליקלעכער האָט אײַנגעאַנצן געציטערט.

— איר וואָלט כאָטש אָנגעטון דעם פעלץ, — האָב איך אים פאָרגעלייגט.

— ניין, איצט איז שוין שפעט, פריער דאַרף מען זיך אַליין אָנוואַרעמען און דעם פעלץ אָנוואַרעמען.

אין אַ שאָ אַרום האָבן זיך באַם וועג באַוויזן יורטעס: דריי, פיר קלאָגעדיקע הילצערנע שטיבלעך.

— איך וועל אַף אַ מינוט פינף אַריינגיין, אַף דעם וועג זיך דערפרעגן און זיך אָנוואַרעמען.

ס'איז אַוועק פינף מינוט, צען, פופצן, צום שליטן איז צוגע-גאַן עפעס אַ באַשעפעניש פאַרוויקלט אין פוטער, איז געשטאַנען אַביסל און אוועקגעגאַן. ס'האָט אָנגעהויבן אַביסל שאַריען, און דער וואלד צוואַמען מיט די וויסטע יורטעס האָט אָנגענומען אין מיינע אויגן עפעס אַ שוידערלעכן אָפּגלאַנץ.

מיט וואָס וועט זיך די גאַנצע געשיכטע ענדיקן? — האָב איך זיך אַליין געפרעגט,—צי וועל איך ווייט פאַרפאָרן מיט דעמדאָזיקן שיקער? בא אַזאַ פאָרן איז אונז ניט שווער אָניאָגן, שיקערהייט קען ניקיפאר גאָט ווייסט וואָס אָנפלוידערן עמעצן, וואָס ער וועט באַגעגענען, יענער וועט איבערגעבן אין בערעזאָוו — און עק. אויב אַפילע מע וועט אונז ניט אָניאָגן, וועט מען געבן צו וויסן

מיטן טעלעגראַף אַף אַלע סטאַנציעס פון דער שמאָל-קאָלייקער ליניע... צי לוינט נאָר פאָרן ווייטער ?—האָב איך זיך אליין געפרעגט.

ס'איז אַוועק באַ א האַלבער שאָ, און ניקיפאָר איז ניטאָ. מע מוז אים ערגעץ אָפּזוכן, און איך האָב אַפילע ניט באַמערקט, אין וואָסער יורטע איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן. איך בין צוגעגאַן צו דער ערשטער פון וועג און אַ קוק געטון אין פענצטער. דאָס פייער אין ווינקל האָט געברענט ליכטיק. אַפן-דיל איז געשטאַנען א קעסעלע, פון וועלכן ס'האָט געשלאָגן א פּאַרע. אַף די נאַרעס איז געזעסן א גרופּע מיט ניקיפאָרן אינדערמיט, אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַ פלאַש. איך האָב מיט אלע קויכעס אָנגעהויבן פּויקן אין פענצטער און אין וואנט. אין א מינוט ארום האָט זיך באַוויזן ניקיפאָר. אַף אים איז געווען מיין פּעלץ, וואָס האָט זיך ארויסגעזען אף צוויי ווערשקעס פון אונטער דער באַליצס.

— זעצט זיך! —האָב איך א געשריי געטון אַף אים צאָרנדיק.

— באַלד, באַלד, —האָט ער געענטפערט זייער ווייך. —נישקאָשע, איך האָב מיך אָנגעוואַרעמט, איצטער וועלן מיר פאָרן. מיר וועלן פאַר דער נאַכט אַזוי אַוועקפאָרן, אַז מע וועט אונז ניט אויסזען. אָט נאָר דער דריטער אָקס איז באַ אונז דאָסיק... אויסשפאַנען און ארויסוואַרפן...

מיר זיינען אַוועקגעפאָרן.

*

ס'איז שוין געווען פינף אַ זייגער. די לעוואָנע איז לאַנג אופגעגאַן און האָט ליכטיק געשיינט, דער פראָסט האָט זיך געשטאַרקט, אינדערלופטן האָט זיך געטראָגן אַ פאָרגעפיל פון פרימאָרגן. איך האָב שוין לאַנג אָנגעטון אַף מיין שאָפּן-פעלצל דעם הערשן-פעלץ. ס'איז געווען אין אים וואַרעם, און אין ניקיפאָרס זיצן האָט זיך געפילט זיכערקייט און מונטערקייט. די הערשן זיינען געלאָפן גרויסאַרטיק, און איך האָב רואיק געדרימלט. פון צייט צו צייט האָב איך זיך אופגעכאַפּט און איך

האָב באַטראַכט דאָסזעלבע בילד. געפּאָרן זיינען מיר, אַפּאַנעם, מיט גלאַטיקע, קימאַט אָנוואַלדיקע ערטער. דריבנע אויסגעדאַרטע סאָסנעס און בערעזקעס האָבן געסטאַרטשעט פון אונטערן שניי. דער וועג האָט זיך געשליינגלט, ווי אַ שמאָלער פּאַס קאָם צו באַמערקן. די הערשן זיינען געלאָפן אָן מידקייט און מיט אַ גע-מאָסטנקייט פון אַווטאָמאַטן, און דאָס הויכע אָטעמען זייערס האָט דערמאָנט דעם רויש פון קליינע מאָטאָרן. ניקיפאָר האָט אָפּגעוואָרפן זיין ווייסן קאַפּיושאָן און איז געזעסן מיט אַן אָפּענעם קאָפּ. ווייסע הערשענע האָר האָבן זיך אָנגעטרייסלט אין זיין געלן צעקאָשמעטן קאָפּ, און ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז באַ-דעקט מיט פראָסט.

— „מיר פאָרן, מיר פאָרן — האָב איך געטראַכט, פילנדיק אין ברוסט אַ וואַרעמען שטראָם פרייד, — זיי קענען אַ טאָג, אָדער צוויי זיך ניט אומקוקן אַף מיר... מיר פאָרן, מיר פאָרן" — און איך בין ווידער אַנשלאָפן געוואָרן.

אַזייגער ניין אינדערפרי האָט ניקיפאָר אָפּגעשטעלט די הערשן. קימאַט האַרט באַם וועג איז געשטאַנען אַ טשום, אַ גרויסער געצעלט פון הערשענער פעל אין דער פאָרם פון אַן אָפּ-געהאַקטן קאָנוס. לעבן טשום זיינען געשטאַנען נאַרטעס מיט איינגעשפּאַנטע הערשן, געלעגן אָנגעהאַקטע האָלץ, אַף אַ שטריק זיינען געהאַנגען נאָר-וואָס אַראָפּגענומענע הערשענע פעל, אַפן שניי האָט זיך געוואַלגערט אַן אָפּגעשונדענער קאָפּ מיט אום-געהייער גרויסע הערנער, צוויי קינדער אין מאַליצעס און אין קיסן האָבן זיך געפּאָרעט מיט די הענט.

— פונוואַנען קומט אַהער אַ טשום, — האָט זיך פאַרכידעשט ניקיפאָר. — איך האָב גערעכנט, אַז ביז די וויז... פּורטימער יורטעס וועלן מיר גאָרנישט טרעפן. ער האָט זיך דערפרעגט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זיינען כ א ר ו מ פּ אָ ל ע װ ע ר אָסטיאַקעס, וואָס וואוינען 200 ווערסט פונדאַנען און באַשעפטיקן זיך דאָ מיט געיעג אַף וועוויריקעס. איך האָב צונויפגעקליבן דאָס געפעס מיט דער פּראָוויזיע. דורך אַ קליינער עפענונג, וואָס איז צוגע-

דעקט מיט פעל, זיינען מיר אַריינגעקראָכן אין טשום, קעדיי איבערבייסן און זיך אָנטרינקען מיט טיי.

— פּאַיסי, — האָט ניקיפאָר באַגריסט די באַלעבאַטים.

— פּאַיסי, פּאַיסי, פּאַיסי, — האָט מען געענטפערט פון פאַרשיידענע זייטן.

אַפן דיל זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן קופּעס פוטער, און אין זיי האָבן זיך גערודערט מענטשישע פיגורן. נעכטן האָט מען דאָ געטרונקען, און היינט זיינען דאָ אלע פאַרטשאַדעט. אינמיטן דעם געצעלט האָט געברענט אַ פייער, און דער רויך איז פריי אַרויסגעגאַנגען דורך דער גרויסער עפענונג, וואָס אין דאַך פונם טשום. מיר האָבן אופגעהאַנגען טיי-קענדלעך און אונטערגעלייגט האָלץ. ניקיפאָר האָט גאַנץ פריי געשמועסט מיט די באַלעבאַטים אַף אָסטיאַקיש. ס'האָט זיך אופגעהויבן אַ פרוי מיט אַ קינד, וואָס זי האָט אים, אַפּאָנעם, נאָר-וואָס געהאָדעוועט, און ניט באַהאַלטנדיק די ברוסט, האָט זי זיך צוגערוקט צום פייער. זי איז געווען מיעס ווי דער טויט. איך האָב איר געגעבן אַ קאָנפעט. האָבן זיך באַלד אופגעהויבן נאָך צוויי פיגורן און האָבן זיך צוגערוקט צו אונדז.

— זיי בעטן בראָנפן, — האָט ניקיפאָר איבערגעזעצט זייערע רייד.

איך האָב זיי געגעבן ספּירט, העלישן ספּירט פון 95°. זיי האָבן געטרונקען, קנייטשנדיק דאָס פּאָנעם און שפּייענדיק אַפן דיל. ס'האָט אויך אויסגעטרונקען איר כיילעק די פרוי מיט דער אָפּענער ברוסט. „דער אַלטער בעט נאָך", — האָט מיר דערקלערט ניקיפאָר, אונטערטראָגנדיק דאָס צווייטע קעלישיקל אַ באַיאָרטן פליכעוואַטן אָסטיאַק מיט גלאַנצנדיקע רויטע באַקן. — איך האָב אָט דעם אַלטן, האָט ער מיר ווייטער דערקלערט, געדונגען פאַר פיר רובל ביז די שאָמענער יורטעס. ער וועט אַף אַ טראָיקע פאָרן פאָרויס און וועט אונדז דורכלייגן דעם וועג. לויפן נאָך זיין נאַרטע וועט אונזערע הערשן זיין פריילעכער.

מיר האָבן זיך אָנגעטרונקען מיט טיי, אָפּגעגעסן. פאַרן געזעגענען זיך האָב איך מעכאַבעד געווען די באַלעבאַטים מיט פּאַפּי-

ראָסן. דערנאָך האָבן מיר צונויפגעלייגט אַלע זאַכן אָפן אַלטנס נארטע, האָבן זיך אַרופגעזעצט און אַוועקגעפאָרן.

אַ העלע זון איז געשטאַנען הויך, דער וועג איז געגאנגען מיטן וואַלד, און אין דער לופט איז געווען ליכטיק און פריילעך. פאָרויס איז געפאָרן אַן אָסטיאַק אף דריי ווייסע טראגעדיקע הער־שיכעס. אין די הענט איז בא אים געווען אַן אומגעהייער לאנגער שטאָק, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט פונויבן מיט אַ קעפל פונ־פארנט, און פונונטן מיט אַ פארשארפטן מעטאַלענעם שפּיץ. ניקיפאָר האָט זיך אויך גענומען אַ נייעם שטאק. די הערשיכעס האָבן געשווינד געטראָגן דעם אַלטנס גרינגע נאַרטע, און אונזערע אָקסן האָבן זיך אונטערגעצויגן און ניט אָפּגעשטאנען אף קיין טראָט.

— פארוואָס דעקט דער אַלטער ניט צו דעם קאָפּ? — האָב איך געפרעגט באַ ניקיפאָרן און פאַרכידעשט באַטראַכט דעם פליכעוואַטן קאָפּ פונם אָסטיאַק, וואָס איז געווען העפקער פאַרן פראָסט.

— אַזוי גייט גיכער אַרויס די שיקרעס,—האָט מיר ניקיפאָר דערקלערט.

און ריכטיק, אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָט דער אַלטער אָפּגעשטעלט זיינע הערשיכעס און איז צוגעגאן צו אונז נאָך ספּירט.

— מע דאַרף מעכאַבעד זיין דעם אַלטן, — האָט באַשלאָסן ניקיפאָר, און דערווייל האָט ער זיך אַליין שוין אויך מעכאַבעד געווען,—די הערשיכעס זיינען דאָך שוין געשטאַנען בא אים איינ־געשפּאַנט.

— נו? —

—ער האָט זיך געקליבן אין בערעזאָוו נאָך בראָנפן. ער זאָל נאָך דאָרט, טראכט איך זיך, ניט זאָגן עפּעס קיין איבעריקס... איז אָט האָב איך אים געדונגען. אַזוי וועט אונזער געשעפט זיין זיכערער. איצט ווען וועט ער ערשט זיין אין שטאט: אין צוויי טעג ארום. איך האָב קיין מוירע ניט, מיר — איז וואס? מע וועט

פרעגן: געפירט? און איך, פונוואנען זאל איך וויסן, ווען איך האב געפירט? דו ביסט פאליציי, און איך — אַ פורמאַן. געהאלט באַקומסטו? דיין זאַך איז קוקן, מיין זאַך — פירן. ריכטיק זאג איך? — ריכטיק.

*

אויספעלנדיק די וויזשפּורטימער יורטעס, האָבן מיר געפונען אַפן וועג אַ זאַק, אַפּאַנעם, מיט געבאַקטן ברויט. ס׳איז געווען אין אים העכער אַ פוד וואָג. ניט קוקנדיק אף מיינע ענערגישע פּראָטעסטן, האָט ניקיפאָר אַריינגעלייגט דעם זאַק אין אונזער שליטן. כ׳האָב זיך באַנוצט מיט זיין שיקערן דרימל און האָב שטילערהייט אַרויסגעוואָרפן אַפן וועג די מעציע, וואָס האָט נאָר שווער געמאַכט די הערשן.

זיך אופגעכאַפּט, האָט ניקיפאָר ניט געפונען ניט דעם זאַק, ניט דעם שטאַק, וואָס ער האָט גענומען אין טשום-באַם אַלטן.

וואונדערלעכע באַשעפעניש אָט די הערשן — אָן הונגער און אָן מידקייט. זיי האָבן גאָרנישט ניט געגעסן אַ גאַנצן מעסלעס פאַר אונזער אַרויספאָר, און אָט איז שוין באַלד אַ מעסלעס, אַז מיר פאָרן ניט געהאָדעוועט. ווערליק ניקיפאָר האָט דערקלערט, זיינען זיי ערשט זיך „צעגאַנגען". זיי לויפן גלאַט, דורכאַנאַנד אַ ווערסט אַכט, צען אַ שאָ. אַלע צען, פופצן ווערסט מאַכט מען אָן אָפּשטעל אף אַ צוויי, דריי מינוט, קעדיי די הערשן זאָלן זיך צורעכטמאַכן. דערנאָך פאָרט מען ווייטער. אַזאַ דורכלויף רופט זיך אַ „הערשן-לאָף", און אַזוי ווי די ווערסטן זיינען דאָ ניט געמאָסטן, איז מיט דער צאָל דורכלויפן מעסט מען דעם מעהאַלעך. פינף דורכלויפן הייסט אַ ווערסט 70—60.

אַז מיר וועלן אָנקומען אין די שאָמענער יורטעס, וואו מיר וועלן זיך צעשיידן מיטן אַלטן און מיט זיינע הערשיכעס, וועלן מיר האָבן געלאָזן הינטער זיך ניט ווינציקער, ווי צען דורכלויפן. דאָס איז שוין אַן אָנשטענדיקע דיסטאַנץ. אַזייגער ניין אין אָוונט, אַז ס׳איז שוין געווען גאָר טונקל, האָבן זיך אונז — צום

ערשטן מאָל פאַרן גאַנצן פּאָרן — געטראָפן אַנקעגן עטלעכע נאָר-טעס. ניקיפאָר האָט זיך געפּרואווט זיי אויסמיידן און זיך ניט אָפּשטעלן, נאָר ס'האָט זיך ניט איינגעגעבן. דער וועג איז אַזוי שמאָל, אַז מע דאַרף נאָר אַביסעלע אָפּקערעווען אין אַ זייט, און די הערשן ווערן באַלד איינגעזונקען אין שניי ביזן בויך. די נאַרטעס האָבן זיך אָפּגעשטעלט. איינער פון די באַגעגנטע פור-מאַנעס איז צוגעגאַנגען צו אונז, האָט אַריינגעקוקט ניקיפאָרן גלייך אין פּאָנעם אַריין און האָט אים אָנגערופן פאַרן נאָמען: „וועמען פירסטו, ווייס"?

— ניט ווייס, — האָט געענטפערט ניקיפאָר, — אַ סוחר פיר איך' אַן אָבדאָרסקן.

דידאָזיקע באַגעגעניש האָט אים צערודערט.

— דער רוך האָט אים אָנגעטראָגן אַנקעגן! פינף יאָר זיך ניט געזען — ער האָט דערקענט, צו אַלדי רוכעס. דאָס זיינען זיריער פון ליאַפינסק, הונדערט ווערסט פונדאַנען, פאָרן אין בערעזאָוו נאָך סכוירע און נאָך בראָנפן. מאָרגן באַנאַכט וועלן זיי זיין אין שטאָט.

— מיר איז גאָרניט, — האָב איך געזאָגט, — זיי וועלן אונז שוין ניט דעריאָגן. ס'זאָל נאָר מיט אייך עפּעס ניט טרעפן, ווען איר וועט זיך אומקערן...

— וואָס קען זיך טרעפן? איך וועל זאָגן: מיין זאך איז פירן, איך בין אַ פורמאַן; ווער איז ער, אַ סוחער אָדער אַ פּאָליטיק — אָפן שטערן באַ זייערע ברידער איז דאָס אויך ניט אָנגעשריבן. דו ביסט פּאָליציע — דו קוק, איך בין אַ פורמאַן — איך פיר. ריכטיק?

— ריכטיק...

ס'איז געוואָרן נאַכט — אַ טיפע און אַ פינצטערע. די לע-וואָנע גייט איצט אויף ערשט פאַרטאָג. די הערשן, גישט קוקנדיק אַף דער פינצטערניש, האַלטן זיך פעסט מיטן וועג. קיינער טרעפט זיך אונז ניט אַנקעגן. נאָר איינס באַנאַכט זיינען מיר פּלוצלינג ארויסגעפאָרן פון דער פינצטערניש אין אַ העלן פּלעק

שיין און האָבן זיך אָפּגעשטעלט. באַם סאַמע פּייער, וואָס האָט העל געברענט באַם עק וועג, זיינען געזעסן צוויי פיגורן, אַ גרויסע און אַ קליינע. אין קעסעלע האָט געזאָדן טיי, און אַ אינגל אַן אָסטיאַק האָט געשאָבן אַף דער העניטשקע שטיקלעך ציגל-טיי און געוואָרפן אין אָקרעפּ. מיר זיינען אריין אין שיין פונם פּייער, און אונזער שליטן מיט די הערשן זיינען מיטאַמאָל דערטרונקען געוואָרן אינם כוישעך. באַם פּייער האָבן זיך געהערט קלאַנגען פון אַ פרעמדער און אַ אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך. ניקיפאָר האָט גענומען באַם אינגל דאָס קריגעלע, האָט אָנגעשעפּט שניי און אָפּגעטוקט אַף אַ רעגע אין זודיקער וואַסער. דערנאָך האָט ער נאָכאַמאָל אָנגעשעפּט שניי פון אונטערן סאַמע פּייער און נאָכאַמאָל אַראָפּגעלאָזן אין קעסעלע. ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער גרייט עפּעס אַ סוידעסדיק געטראַנק באַ דעמדאָזיקן פּייער, וואָס איז ערגעץ פאַרלאָרן אין דער טיף פון נאַכט און וויסטעניש. דערנאָך האָט ער לאַנג און דאָרשטיק געטרונקען.

אונזערע הערשן, אַפּאָנעס, האָבן אָנגעהויבן מיד ווערן. באַ יעדער אָפּשטעל לייגן זיי זיך איינער לעבן צווייטן און שלינגען דעם שניי.

*

אַרום צוויי באַנאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין די שאָמענער יורטעס.

דאָ האבן מיר באַשלאָסן געבן אָפּרו די הערשן און זיי אָנהאָדעווען.

דידאָזיקע יורטעס זיינען שוין גיט קיין וואַנדער-לאַגער, נאָר שטענדיקע וואוינונגען פון באַלקנס. פונדעסטוועגן קאָן מען זיי אָבער ניט פאַרגלייכן מיט די יורטעס, אין וועלכע מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַף טאָבאָלער טראַקט. דאָרט, אייגנטלעך, זיינען געווען פויערישע הייזער, מיט צוויי צימערן, מיט א רוסישן אויוון, מיט א סאַמאָוואַר און מיט שטולן, נאָר אביסל ערגער און שמוציקער פון א געוויינלעכער שטוב באַ א סיבירער פויער. דאָ איז

אין „צימער" מיט א פרימיטיוון פייער-אָרט אַנשטאָט אַן אויוון, אָן מעבל, מיט א נידעריקער ארייננאַנג-טיר און מיט א שטיק איין אנשטאט גלאָז. פונדעסטוועגן האָב איך זיך דערפילט זייער גוט, אַז איך האָב אַראפגענומען דעם גוס, דאָס פעלצל און די קיסן, וואָס די אלטע אָסטיאַקן האט באלד אופגעהאַנגען באַם פייער טריקענען.

קימאט א מעסלעס האָב איך גאָרניט ניט געגעסן.

ס׳ארא גוטקייט ס׳איז געווען זיצן אַף די נאַרעס, באַדעקטע מיט הערשענער פעל, עסן קאַלט קאלבן-פלייש מיט האַלב-אָפגע-גאַנגענעם ברויט און וואַרטן אף טיי.

איך האָב אויסגעטרונקען א גלעזעלע קאָניאַק. דער קאָפ האָט זיך אַביסל געדרייט. ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אז די רייזע האָט זיך שוין געענדיקט. אַ יונגער אָסטיאק מיט לאַנגע צעפ, איבער-געפלאָכטענע מיט רויטע געוועבטענע סטיינגעס, האָט זיך אופגע-הויבן פון די נאַרעס און איז אַוועקגעגאַן האָדעווען אונזערע הערשן.

— און מיט וואָס וועט ער זיי האָדעווען ?—האָב איך זיך דער-פרעגט.

— מיט מאָך. ער וועט זיי אָפלאָזן אף אזא אָרט, וואו ס׳איז פאַראַן מאָך, וועלן זיי שוין אליין קריגן פון אונטערן שניי. זיי וועלן צעגראָבן א גרוב, זיך אַרײנלייגן אין איר און זיך אָנעסן. וויפל דארף א הערש ?

— און ברויט עסן זיי ניט ?

— אויסער מאָך עסן זיי גאָרניט, סיידן מ׳געוויינט זיי צו פון די ערשטע טעג צו געבאַקטן ברויט. נאָר דאָס טרעפט זיך זעלטן.

די אַלטע האָט אונטערגעוואָרפן האָלץ אין פייער, דערנאָך האָט זי אופגעוועקט א יונגע אָסטיאקן, און יענע, צודעקנדיק פאר מיר דאָס פּאָנעם מיט א טיכל, איז ארויסגעגאַן אין הויף, אַפּאָ-נעם, העלפן איר מאַן, דעם יונגן באָכער, וואָס ניקיפאָר האט אים געדונגען פאר צוויי רובל, ער זאָל אונז באַלייטן ביז אָאורווי.

די אָסטיאַקעס זיינען שרעקלעך פויל, די גאַנצע אַרבעט טוען בא זיי אָפּ די פרויען, און דאָס איז ניט נאָר אין שטוב-באַלעבאַטישקייט, — ניט זעלטן קאָן מען באגעגענען אַן אָסטיאַקן, וואָס גייט מיט דער ביקס אף געיעג, באַשעפטיקט זיך מיט וועווריקלעך און סויבלען.

איין טאָבאָלער וואַלד-היטער האָט מיר דערציילט וועגן דער פוילקייט פון די אָסטיאַקן און זייער באציאונג צו פרויען וואונדערלעכע זאַכן: אים איז אויסגעקומען אויסצופאָרשן די פאַרוואָרפענע ש־רעקעס פון טאָבאָלער אויעזד, די אַזויאָנגערופענע „טומאַנען". פאַר א וועגווייזער האט ער געדונגען אָסטיאַקעס אפן טאָג צו דריי רובל. איז אָט — מיט יעדער יונגן אָסטיאַק פלעג מיטגיין אין די „טומאַנען" זיין פרוי, און מיט אַ באָכער אָדער אן אַלמען — זיין שוועסטער, אָדער זיין מוטער. די פרוי האָט געטראגן אלע וועג-מאַכשירים: די האַק, דאָס קעסעלע, דעם זאַק מיט פראָוויזיע, באַם מאַנסבל—נאָר א מעסער אין גאַרטל.

און אז מ'פלעג זיך אָפּשטעלן אף א רו-לאַגער, פלעג די פרוי אָפּרייניקן דאָס אָרט, צונעמען באַם מאַן פון האַנט דעם פּאַס, וואָס ער פלעג אראָפּנעמען קעדיי ס'זאָל אים גרינגער זיין, צעלייגן א פייער און גרייטן טיי. און דער מאַנסבל פלעג זיך זעצן, ווארטן און דערווייל רויכערן א ליולקע...

די טיי איז גרייט, איך טראָג צו דאָרשטיק דאָס קריגעלע צום מויל, נאָר פון דער וואַסער שטינקט מיט פיש—ניט אויסצוהאַלטן.

איך האָב אריינגעגאָסן אין קריגעלע צוויי לעפל קליוקוועעסענציע, און נאָר דערמיט פאַרטויבט דעם רייעך פון פיש.

— און איר פילט ניט? — האָב איך געפרעגט ניקיפאָרן.

— אונז שטערט ניט קיין פיש, מיר עסן זיי רויערהייט, נאָרוואָס פון נעץ. זי צאַפּ'ט אין די הענט, געשמאַקער פון דעם איז ניטאָ...

ס'איז אריין די יונגע אָסטיאַקן, ווי פריער האַלב פאַרדעקנדיק דאָס פּנים, און האָט זיך אוועקגעשטעלט באַם פייער. נאָך איר

איז ארײַן איר מאַן און האָט מיר פאַרגעלייגט דורך ניקיפאָרן איך זאָל בא אים קויפן רויכוואַרג — א שטיק פופציק װעװוריקעס.

— איך האָב אײַך פאַרגעשטעלט פאַר אן אָבדאָרער סויכער, איז אָט לייגן זיי אײַך פאָר װעװוריקעס, — האָט מיר דערקלערט ניקיפאָר.

— זאָגט זיי, אז צוריקװעגס װעל איך אריינקומען צו זיי, װאָס װעל איך זיך איצט שלעפן מיט זיי.

מיר האָבן זיך אָנגעטרונקען מיט טיי, פּאַרוױכערט, און ניקיפאָר האָט זיך צוגעלייגט אף די נאַרעס שלאָפן ביז מ'װעט אָנהאָדעװען די הערשן. מיר האָט זיך אויך גװואָלט ביז גאָר שלאָפן, נאָר איך האָב זיך מוירע געהאַט, אַז איך װעל אָפּשלאָפן ביז אינדערפרי, האָב איך זיך געזעצט מיט מיין העפט און מיטן בליישטיפט צום פייער און איך האָב זיך גענומען אָנװאַרפן די איינדרוקן װעגן די ערשטע טעג פון פאָרן. װי אלץ גייט פראָסט און איינגעגעבן, אפילע צו פראָסט!... פיר אינדערפרי האָב איך אופגעװעקט די פורמאַנעס, און מיר זיינען ארויסגעפאָרן פון די שאָמענער יורטעס.

— אָט די אָסטיאקעס,—סיי די מענער, סיי די פרויען—טראָגן צעפּ, און נאָך מיט סטיינגעס און מיט רינגען, מיסטאָם פאַרפלעכטן זיי די האָר ניט אָפטער װי איין מאָל אין יאָר.

— די צעפּ, זאָגט איר, — האָט געענטפערט ניקיפאָר — די צעפּ פאַרפלעכטן זיי אָפט. זיי, אז זיי זיינען שיקער, שלעפן זיי זיך שטענדיק פאַר די צעפּ. זיי טרינקען, טרינקען און דערנאָך נעמען זיי זיך רייסן איינער דעם אנדערן פאַר די האָר — און דערנאָך, װער ס'איז שװאַכער, זאָגט דעם אַנדערן: „לאָז אָפּ”, דער אַנדערער לאָזט אָפּ, דערנאָך טרינקען זיי װידער צוזאַמען. זיין אין קאַס איינער אַפן אַנדערן דאַרפן זיי ניט: זיי האָבן אף דעם קיין האַרץ ניט.

בא די שאָמענער יורטעס זיינען מיר ארופגעפאָרן אף דער סאָסװע. דער װעג גייט דאָ אמאָל מיטן טייך, אמאָל מיטן װאַלד.

ס׳בלאָזט א שאַרפער דורכנעמענדיקער ווינט, און מיט גרויס שווערקייט גיט זיך מיר א״ן צו מאַכן מיינע נאָטיצן אין העפט. איצט פאָרן מיר איבער אַן אָפענעם אָרט צווישן א בערעזע-וועלדל און צווישן דעם טייך. דער וועג איז אן אומדערבאַרעמדי-קער. פאר אונז אין די אויגן פארווייט דער ווינט דעם שמאָלן שיפּוע, וואָס בלייבט נאָך אונזערע נאַרטעס. דער דריטער הערש שלאָגט זיך אראָפּ יעדער מינוט פון דער אויסגעשלאָגענער קאָלייע. ער זינקט אין שניי ביזן בויך און טיפער, טוט עטלעכע פאר-צווייפלטע שפּרינג, קאַראַבקעט זיך ווידער ארויף אפן וועג, שטופּט דעם מיטלסטן הערש און שלאָגט אראָפּ אין א זייט דעם פירער.

מיטן טייך און מיט די פאַרפּרווירענע בלאָטעס מוז מען פאָרן טראָט בא טראָט. ס׳האָט מער ניט געפעלט — האָט אָנגעהויבן הינקען אונזער פירער, דערזעלבער אָקס, וואָס צו אים איז קיין גלייכן ניטאָ. שלעפּנדיק די לינקע הינטערשטע פוס, לויפט ער ערלעך איבער דעם שרעקלעכן וועג, און נאָך זיין נידעריקער אַראָפּגעלאָזטער קאָפּ און אויסגעשטעקטע צונג ביז דער ערד, מיט וועלכער ער לעקט דאָרשטיק, אינמיטן לויפן, דעם שניי,—נאָך דאָס באווייזט, ווי שווער ס׳קומט אים אָן. דער וועג האט זיך מיטאַמאָל אַראָפּגעלאָזן, מיר זיינען מיטאַמאָל ארויסגעקומען צווישן צוויי שניי-בערג פון אנדערהאַלבן ארשין די הייך. די הערשן האָבן זיך צונויפגעשלאָגן אין איין קופּע, און ס׳האָט זיך אויס-געדאַכט, אז די עקסטע טראָגן אף זייערע זייטן דעם מיטלסטן. איך האָב באַמערקט, אַז בא דעם פירער איז די פעדערשטע פוס אין בלוט.

— איך בין פונדעסטוועגן א פערד-דאָקטער צוביסלעך, — האָט מיר דערקלערט ניקיפאָר, — איך האָב אים געלאָזן בלוט ווען איר זייט געשלאָפן.

ער האט אָפּגעשטעלט די הערשן און האָט ארויסגענומען פון גאַרטל א מעסער (בא אונז הייסן אַזוינע מעסערס פינישע), איז צוגעגאַן צום קראַנקן אָקס, און נעמענדיק דעם מעסער אין מויל, האָט ער לאַנג באַטאַפּט זיין קראַנקע פוס.

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס איז דאָס פאַר א צאָרע, — האָט ער געזאָגט אין פאַרלעגנהייט און האָט אָנגעהויבן פאָרקען מיטן מעסער העכער פון דער קאָפּעטע.

די כאַיע איז אין דער גאַנצער צייט פון דער אָפּעראַציע געלעגן שטיל, מיט אונטערגעבויגענע פיס, און דערנאָך האָט זי טרויעריק געלעקט דאָס בלוט אויף דער קראַנקער פוס. פלעקן בלוט האָבן זיך שאַרף אויסגעטיילט אויפן שניי און האָבן באַצייכנט דאָס אָרט פון אונזער אָפּשטעל. איך בין באַשטאַנען אויף דעם, אַז אין מיין שליטן זאָל מען איינשפּאַנען די הערשן פונם שאַמאַנער אָסטיאַק, און אונזערע זאָלן גיין אין דער גרינגער נאַרטע. דעם אָרעמען הינקענדיקן פירער האָט מען צוגעבונדן פונהינטן.

פון שאַמען פאָרן מיר א שאָ פינף, נאָכאַמאָל אַזויפיל וועט אויסקומען צו פאָרן ביז אָאָורווי. און ערשט דאָרט וועט מען קאָנען איבערבייטן די הערשן באַם רייכן אָסטיאַק, וואָס פאַרנעמט זיך מיט הערשנצוכט, סעמיאָן פּאַנטויען. צי וועט ער אָבער מאַסקים זיין אָפּלאָזן זיינע הערשן אין אַ ווייטן וועג? איך שמועס וועגן דעם מיט ניקיפאָרן. ס׳קאָן זיין, זאָג איך אים, אַז ס׳וועט אויסקומען קויפן באַ סעמיאָנען צוויי טראָיקעס.

—נו, איז וואָס, — ענטפערט ניקיפאָר מיט גאַדלעס, — וועלן מיר קויפן!

דער אויפן פון מיין רייזע מאַכט אויף אים אַזאַ איינדרוק, ווי אויף מיר האָט געמאַכט די רייזע פון פ י ל י אַ ס פ אָ ג*). אויב איר געדייקנט, האָט ער איינגעקויפט עלפאַנטן, איינגעקויפט שיפן און, אַז ס׳האָט ניט געקלעקט קיין הייצונג, האָט ער גע־וואָרפן די הילצערנע טיילן אין מויל פון דער מאַשין. באַם געדאַנק וועגן נייע שוועריקייטן און הויצאָעס פלעג ניקיפאָר, — אַז ער איז געווען שיקערלעך, דאָס הייסט, קימאַט שטענדיק — אַריין אין אַזאַרט. פון זיך פלעג ער שטענדיק רעדן, אַזוי ווי פון מיר. ער פלעג מאַמזעריש א וואונק טון צו מיר און זאָגן:

---

*) פון זשול ווערנס דערציילונג „אַכציק טעג ארום דער וועלט“.

— דער וועג וועט אונז אָפּקאָסטן אַ קאָפּיקע... נו, מיר שפּייען אָבער אַף דעם... מיר זשאַלעווען ניט קיין געלט. אָקסן? וועט פאַלן אַן אָקס, וועלן מיר קויפן א נייעם. אָקסן זאָל איך זשאַלעווען — אין לעבן נישט. קאָלזמאַן זיי האַלטן — פאָרן מיר. האַ-האַ! דעריקער זאַך איז, מיר זאָלן דערפאָרן. ריכטיק זאָג איך?

— ריכטיק.

— אז ניקיפאָר וועט ניט דערפירן, וועט קיינער ניט דערפירן. מיין פעטער מיכאַיל אָסיפּאָוויטש (א גוטער פויער!) זאָגט מיר: ניקיפאָר, דו פירסט אָט-דעם סוביעקט? פיר! נעם זעקס אָקסן פון מיין טשערעדע — פיר! אומזיסט נעם. און דער יעפריי-טער סוסליקאָוו זאָגט: דו פירסט? איז אָט נא דיר. פינף רובל.

— פאַרוואָס? — פרעג איך בא ניקיפאָרן.

— איך זאָל אייך אוועקפירן.

— סיידן פאַר דעם! וואָס מאַכט דאָס אים אויס?

— אַף מיין וואָרט—דערפאַר. ער האָט ליב די ברידער, ער וועט פאַר זיי איינשטעלן דעם קאָפּ. וואָרעם, לאָמיר רעדן, פאַר וועמען ליידט איר? פאַר דער וועלט, פאַר די אָרעמע לייט! אָט נאַ דיר, זאָגט ער, ניקיפאָר, פינף קאַרבן, פיר — איך בענטש דיך, אַף מיין קאָפּ, זאָגט ער, פיר!

דער וועג גייט אריין אין וואַלד, און מיטאַמאָל ווערט בעסער. די ביימער פאַרהיטן אים פון אָנווייען, די זון שטייט שוין הויך אין הימל, אין וואַלד איז שטיל, און מיר איז אזוי וואַרעם, אַז איך נעם אראָפּ דעם גוס און בלייב נאָר אין פעלצל. דער שאָ-מענער אָסטיאַק מיט אונזערע הערשן שטייט די גאַנצע צייט אָפּ, און ס'קומט אונז אַלעמאָל אויס וואַרטן אַף אים. פון אלע זייטן דינגלען אונז ארום סאָסנעס, גוואַלטיקע ביימער אָן צווייגן ביז דעם סאַמע שפּיץ, העל געלע, גלייכע ווי ליכט. ס'ווייזט זיך אויס, אז דו פאָרסט איבער אַן אַלטן שיינעם פאַרק. אַבסאָ-לוטע שטילקייט. זעלטן נאָר הייבט זיך אוף פון אָרט אַ פאָר ווייסע שניי-הינער, וואָס איז שווער צו אונטערשיידן פון שניי-

בערגלעך, און פליט אוועק טיפער אין וואַלד. מיטאמאָל רייסט זיך אָפּ דער סאָסנע-וואַלד. דער וועג לאָזט זיך באַרג-אַראָפּ צום טייך.

מיר קערן זיך איבער, מאַכן זיך צורעכט, האַקן איבער די סאָסווע און פאָרן ווידעראמאָל איבער אן אָפּעגעם אָרט. נאר זעלטענע קליין-וואוקסיקע בערעזעס דערהייבן זיך איבערן שניי. אַפּאָגעם, מיר פאָרן איבער זומפּן.

— און וויפל ווערסט זיינען מיר דורכגעפאָרן ? — פרעג איך בא ניקיפארן.

— נו, א ווערסט דרייהונדערט דאַרף זיין. נאר ווער קאָן דאָס וויסן ? ווער האט די היגע ווערסטן געמאָסטן. דער מאָלעך מיכאָעל, מער קיינער האָט ניט געמאָסטן. וועגן אונזערע ווערסטן האָט מען שוין לאַנג אָפּגעזאָגט : א באָביצע מיט אַ שטעקן האָט געמאָסטן מיטן שפּאַן און א מאַך געטון מיט דער האַנט... נו, נישקאָשע, אין א טאָג דריי אָרום וועלן מיר זיין אף די זאַוואָדן. דער וועטער זאָל זיך נאר האלטן. ווייל ס'טרעפט זיך—אָי-אָי... איינמאָל האט מיך פארכאַפּט אונטער ליאפּין אַ בוראן, פאר דריי מעסלעס בין איך אָפּגעפאָרן פינף ווערסט... גאָט זאָל אויסהיטן !

אָט איז שוין קליין-אָאורווי : דריי, פיר נישטיקע יורטעס, פון זיי נאָר איינע א באוואוינטע. א ־יאָר צוואנציק צוריק זיינען זיי, מיסטאם, אַלע געווען באזעצט. די אָסטיאקעס שטארבן אויס אין א שרעקלעכער פּראָגרעסיע. אין א ווערסט צען אָרום וועלן מיר קומען אין גרויס-אָאורווי. צי וועלן מיר דאָרטן טרעפן סעמיאָן פאנטוי, צי וועלן מיר קריגן בא אים הערשן... אף אונזערע פאָרן ווייטער איז שוין קיין שום מעגלעכקייט ניטאָ...

ס'גייט נישט ! אין אָאורווי האָבן מיר נישט געטראָפן די פויערים : זיי שטייען ערגעץ מיט די הערשן אין א טשום אף א מעהאלעך פון צוויי הערשענע דורכלויפן. מ'וועט מוזן

אָפּפאָרן עטלעכע ווערסט צוריק, און דערנאָך אָפּקערעווען אין א זייט. ווען מיר וואָלטן זיך געווען אָפּשטעלן אין קליינ-אָ א וּ ר ו י און זיך דאָרט פאַנאַנדערגעפרעגט, וואָלטן מיר פאַר-שפּאָרט עטלעכע שאָ. מיט אַ שטימונג פון איעש האב איך גע-וואָרט ביז די ווייבער האָבן אונז געקריגן איין הערש אף פאַר-בייטן אונזער הינקעדיקן פירער. ווי אומעטום, זיינען די אָאוּר-וו׳נישע ווייבער געווען אין א צושטאַנד פון שיקרעס, און אז איך האָב זיך גענומען צעוויקלען די שפּייז-פּראָדוקטן, האָבן זיי געבעטן בראָנפן. כ׳האָב מיט זיי גערעדט דורך ניקיפאָרן, וואָס האָט גערעדט פונקט אזוי פריי אף רוסיש, ווי אף זיריש און אַף די צוויי אָסטיאַקישע דיאלעקטן, וואָס זיינען קימאט ניט ענלעך איינער אַפן צווייטן. די אָרטיקע אָסטיאקעס רעדן אף רוסיש קיין וואָרט נישט.

פון צייט צו צייט בין איך מעכאַבעד די אָסטיאקעס און זיי-ערע ווייבער מיט פּאַפּיראָסן. זיי רויכערן זיי מיט דערעכערעך, נאָר מיט פאראַכטונג. צו זייערע שלינגען, וואָס זיינען פאַרברענט פון ספּירט, דערגייען ניט אפילו מיינע נישטיקע פּאַפּיראָסן. אַפילו ניקיפאָר, וואָס האָט אָפּשיי פאר אלע פּראָדוקטן פון צי-ווילזאַציע, האָט זיך מודע געווען, אז מיינע פּאַפּיראָסן זיינען גאָרנישט ווערט.

מיר פאָרן אין טשום. ס׳אראַ ווילדעניש און פאַרוואָרפנקייט אַרום און אַרום! די הערשן שלעפּן זיך איבער די שניי-הורעס, פּלאָנטערן זיך צווישן די ביימער אין אוראַלטער געדיכטעניש, און איך הייב ניט אָן צו באַנעמען, ווי אַזוי באַשטימט דער אָנ-טרייבער דעם וועג.

עפּעס האט ער פאר דעם א באזונדער כוש, ווי בא דידאָ-זיקע הערשן, וואָס לאַווירן אַף א כידעס׳דיקן אופן מיט זייערע הערנער אין דער געדיכטעניש פון סאָסנעס און טאַנען-צווייגן. באַ דעם נייעם פירער, וואָס מ׳האָט אונז געגעבן אין אָ א וּ ר ו י, זיינען ריזיקע צעצווייגטע הערנער ניט ווינציקער ווי פינף—זעקס פּערטל די ליינג.

דער וועג איז אף יעדער טריט איבערגעצאָמט מיט צווייגן, און ס'דאכט זיך, אז דער הערש וועט זיך אָט-אָט פארפלאָנטערן אין זיי מיט זיינע הערנער. נאָר שוין אין דער לעצטער רעגע גיט ער א ריר מיטן קאָפּ קאָם קאָם צו באַמערקן. און קיין איין נאָדל טוט קיין ציטער ניט אף די צווייגן. איך האָב לאַנג ניט אָפּגעריסן די אויגן און נאָכגעקוקט אף דידאָזיקע מאַנעווורעס. און זיי זיינען געווען פאר מיר אַזוי סוידעסדיק, ווי יעדע אַנטפּלעקונג פון אינסטינקט ווייזט זיך אויס פאר אונזער רעזאָנירנדיקן סייכל.

דאָ אויך ניט געטראָפן! דער אַלטער באַלעבאָס איז אַוועקגעפאָרן מיטן ארבעטער אין זומערדיקן טשום, וואו ס'איז געבליבן א טייל הערשן. מ'וואַרט אף אים פון שאָ אף שאָ, נאָר ווען וועט ער קומען צו פאָרן, ווייסט קיינער ניט. און זיין זון, אַ יונגער באָכער מיט אַ צעהאַקטער אייבערשטער ליפּ, וויל אף זיך ניט שטעלן צונויפרעדן זיך אָנם פאָטער. מע מוז וואַרטן. ניקיפאָר האָט אָפּגעלאָזן די הערשן זיך פּאַשען מיט מאָך, און קעדיי זיי זאָלן זיך ניט פארבייסן מיט די אָרטיקע הערשן, האָט ער דורכגעפירט עטלעכע מאָל מיטן מעסער איבער דער פלייצע פוןביידע אָקסן און האָט געלאָזן אף זייער וואָל זיינע איניציאַלן. דערנאָך האָט ער זיך דערוויל גענומען פאריכטן אונזער שליטן, וואָס האט זיך אינגאַנצן צעטרייסלט אין וועג. א פארצווייפלטער האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט אין פעלד, דערנאָך בין איך אַריין אין טשום. אף די קני באַ דער יונגער אָסטיאַקן איז געזעסן אַ הויל נאַקעט אינגל פון א יאָר דריי, פיר. די מוטער האָט אים אָנגעכוּן. ווי וואוינען זיי מיט די קינדער אין אָט די געצעלטן באַ 40 און 50 גראַדוס פרעסט?

— באַנאַכט איז גאָרנישט, — האט מיר דערקלערט ניקיפאָר. פארנורעסט זיך אין פוטער און שלאָפסט. איך אַליין האָב דאָך ניט איין ווינטער אָפּגעלעבט אין די טשומען. אַן אָסטיאַק — דער טוט

זיך גאָר אויס אַ הוילער אף באַנאַכט און קריכט אַזוי אריין אין מאַליצע.

— שלאָפן איז גאָרנישט, אופשטיין איז שלעכט. פונם אָטעם ווערט דאָס גאַנצע אָנטון פארבראַקנעט, כאָטש נעם האַק עס מיט א האַק...

אופשטיין איז שלעכט.

די יונגע אָסטיאַקן האָט איינגעוויקלט דאָס אינגל אין דער פאָלע פון איר מאליצע און האָט אים צוגעלייגט צו דער ברוסט. דאָ האָדעוועט מען מיט דער ברוסט די קינדער ביז א יאָר פינף, זעקס.

איך האָב אַפן פייער אויפגעוואָרעמט וואַסער. כ'האָב נאָך ניט באַוויזן זיך אומקוקן, ערשט ניקיפאָר האָט שוין אָנגעשאָטן אַף דער דלאָניע (גאָט מיינער, וואָס פאר א דלאָניע דאָס איז!) טיי פון מיין שאַכטל און האָט אריינגעשאָטן אין טיי-קענדל. כ'האָב קיין מוט ניט געהאט איך זאָל אים מאַכן א באַמערקונג, און איצט וועל איך מוזן טרינקען די טיי, וועלכע איז געווען אף אַ דלאָניע, וואָס האָט געזעגנט זייער אסאַך, נאָר קיין זייף האָט זי לאַנג ניט געזעען...

די אָסטיאַקן האָט אָנגעהאָדעוועט דאָס אינגל, האָט אים אַרומגעוואַשן, דערנאָך האָט זי אים ארומגעווישט מיט דינע האָלץ-סטרוזשקעס, אָנגעטון און אָפגעלאָזן פון טשום. כ'האָב זיך געכידעשט אַף דער צאַרטקייט, וואָס זי האָט ארויסגעוויזן צום קינד.

איצט זיצט זי און אַרבעט: זי נייט א מאליצע פון הערשענע פעל מיט הערשענע אָדערן. די אַרבעט איז ניט נאָר א שטאַרקע, נאָר אָן סאָפעק א פיינע אויך. דער גאַנצער באָרט איז באַפוצט מיט אויסגענייט פון שטיקלעך ווייסן און טונקעלן הערשן-פוטער. אין יעדער נאָט איז אריינגעלאָזט א פאַסיקל פון רויטן שטאָף. אַף אַלע מיטגלידער פון דער מישפאָכע זיינען די פימעס*), מאַ-ליצעס און גוסן פון היימישער פרויען-אַרבעט. וויפל אומדער-טרעגלעכע אַרבעט אין דעם איז אריינגעלייגט!

*) פעל-שטיוול.

דער עלטערער זון ליגט אין א ווינקל פון טשום, אַ קראַנ-קער שוין דאָס דריטע יאָר. ער קריגט, וואו ער קאָן גאָר, רע-פועס, נעמט זיי איין אין אַ ריזיקער מאָס און וואוינט דעם גאַנצן ווינטער אין טשום אונטערן אָפענעם הימל. באַם קראנקן איז א זעלטן פארשטאַנדיק פּאָנים. די ווייטיקן האָבן דורכגעפּירט אַף אים שטריכן, ענלעכע אַף שפּורן פון געדאַנק... איך דערמאַן זיך, אַז גראד דאָ, באַ דיזעלבע אָאורוַוינער אָסטיאַקן, איז אַ כוידעש צוריק געשטאָרבן דער יונגער בערעזאָווער סויכער דאָבראָוואָל-סקי, וואָס איז אַהער געקומען נאָך רויוואַרג. ער איז דאָ אָפּגע-לעגן עטלעכע טעג אין היץ אָן אַ וועלכער ס'ניט איז הילף...

דער אַלטער פאַנטוי פארמאָגט באַ פינף הונדערט הערשן. ער איז באַרימט אין גאַנצן קאַנט מיט זיין רייכקייט. אַ הערש — דאָס איז אַלץ: ער האָדעוועס, קליידט און פירט. עטלעכע יאָר צוריק האָט אַ הערש געקאָסט זעקס, אַכט רובל, און איצט, צען, פופצן. ניקיפאָר דערקלערט דאָס מיט די שטענדיקע עפּידעמיעס, וואָס נע-מען צו הערשן אין די הונדערטער.

*

די פארנאַכט-טונקלקייט ווערט וואָס אַמאָל געדיכטער. ס'איז קלאָר, אַז קיינער וועט שוין צו נאַכט-צו זיך ניט נעמען כאַפּן די הערשן, נאָר ס'גלוסט זיך ניט אופּגעבן די לעצטע האָפענונג, און איך וואַרט אַפּן אַלטן מיט אַזאַ אומגעדולד, מיט וועלכן ס'האָט עפּשער אין זיין גאַנצן לאַנגן לעבן קיינער אַף אים ניט געוואַרט.

ס'איז שוין געוועזן גאָר פינצטער, ווען ער איז געקו-מען מיט זיינע אַרבעטער. דער באַלעבאָס איז אַריין אין טשום. ער האָט זיך מיט כאָשעוּוקייט באַגריסט מיט אונז און האָט זיך צוגעזעצט צום פייער. זיין קלוג און הערשעריש פּאָנעם האָט מיך פאַרכידעשט. ווייזט אויס, אַז די פינף הונדערט הערשן, וואָס ער פאַרמאָגט, דערלויבן אים זיך פילן ווי א קעניג פון קאָפּ ביז די פיאַטעס.

— זאָגט אים, —האָב איך אונטערגעשטופּט ניקיפאָרן, — וואָס דאַרף מען פּאַטערן צייט?

— ווארט, באַלד טאָר מען ניט: מע וועט זיך זעצן עסן.

ס'אַריין דער אַרבעטער, אַ וואָוקסיקער, פּלייציקער פּויער, האָט זיך פּאָנפּענדיק באַגריסט, האָט אין אַ ווינקל איבערגעביטן זיינע דורכגעווייקטע זאָקן און האָט זיך צוגערוקט צום פייער. ס'אַראַ שרעקלעכע פּיזיאָנאָמיע! די נאָז איז אינגאַנצן פאַר־שוואונדן געוואָרן פון דעמדאָזיקן אומגליקלעכן פּאָנעם, די אייבער־שטע ליפּ איז הויך פאַרהייבן, דאָס מויל שטענדיק האַלב געעפנט און אַנטפּלעקט מעכטיקע ווייסע ציינער. כ'האָב מיט שרעק זיך אָפּגעקערט.

— עפּשער איז שוין צייט אונטערטראָגן זיי ספּירט? — האָב איך ניקיפאָרן געפרעגט מיט אָפּשיי צו זיין אויטאָריטעט.

— פּונקט די צייט! — האָט געענטפערט ניקיפאָר.

כ'האָב אַרויסגעקראָגן די פלאַש. די שנור, וואָס האָט אָנגע־הויבן פאַרדעקן דאָס פּאָנעם פונזינט דער אַלטער איז געקומען, האָט אָנגעצונדן באַם פייער אַ שטיקל קאָרע, און זיך באַנוצנדיק מיט דעם, ווי מיט אַ קינעלע, האָט זי אויסגעזוכט אין קאַסטן אַ מעטאַלענעם בעכער. ניקיפאָר האָט אויסגעווישט דעם בעכער מיט דער פּאָלע פון זיין העמדל און האָט אים אָנגעגאָסן מיט אַן אויג. די ערשטע פּאָרציע האָט מען אונטערגעטראָגן דעם אַלטן. ניקיפאָר האָט אים דערקלערט, אַז דאָס איז ספּירט. יענער האָט מיט גאַדלעס אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און האָט שווייגנ־דיק אויסגעטרונקען דעם גרויסן בעכער ספּירט 95°. קיין איין מוסקול אויף זיין פּאָנעם האָט קיין ציטער ניט געטון. דערנאָך האָט געטרונקען דער יונגערער זון מיט דער צעהאַקטער אייבער־שטער ליפּ. ער האָט אויסגעטרונקען איבערגוואַלד, פאַרקנייטשט זיין ווייסט פּאָנעם און האָט לאַנג געשפּיגן אינם פייער. דערנאָך האָט אויסגעטרונקען דער אַרבעטער און האָט לאַנג געשאָקלט מיטן קאָפּ הין און צוריק. דערנאָך האָט מען געגעבן דעם שלאָפן. יענער האָט ניט דערטרונקען און האָט אומגעקערט דעם בעכער.

ניקיפאָר האָט אויסגעפּלוכעט דאָס געבליבענע אין פייער. קעדיי־ ווייזן, מיט וואָס פאַר אַ פּראָדוקט ער איז מעכאַבעד: דער ספּירט האָט אַ פּלאַקער געטון מיט אַ העלן פלאַם.

— טאַאַק [1]), — האָט געזאָגט רואיק דער אַלטער.

— טאַאַק, — האָט איבערגעכאַזערט דער זון, אַרויסלאָזנדיק פון מויל אַ שטראָם סלינע.

— סאַקאַ טאַאַק [2]), — האָט באַשטעטיקט דער אַרבעטער.

דע נאָך האָט אויסגעטרונקען ניקיפאָר און האָט אויך געפּו־ נען, אַז ס'איז צו שטאַרק. מ'האָט צעפּירט דעם ספּירט מיט טיי. ניקיפאָר האָט פאַרשטאָפּט דאָס העלזל מיטן פינגער און האָט אַ שאָקל געטאָן אינדערלופטן מיט דער פלאַש. מ'האָט אַלע נאָכ־ אַמאָל אויסגעטרונקען. דערנאָך האָט מען ווידעראַמאָל צעפּירט און ווידעראַמאָל אויסגעטרונקען. ערשט איצט האָט ניקיפאָר זיך גענומען אויסלייגן אין וואָס ס'גייט. —

— סאַקאַ כאָזאַ, — האָט געזאָגט דער אַלטער.

— כאָזאַ, סאַקאַ כאָזאַ — האָבן אַלע מיטאַמאָל איבערג כאַ־ זערט נאָך אים.

— וואָס זאָגן זיי, — האָב איך אומגעדולדיק געפרעגט ניקיפאָרן.

— זיי זאָגן, 'זייער ווייס. דרייסיק רובל בעט ער ביז די זאַוואָדן.

— און וויפל וועט ער נעמען ביז ניאַקסימוואַלי?

ניקיפאָר האָט עפּעס אַ ברום געטון, באַשיינפּערלעך ניט צו־ פרידן. די סיבע דערפון האָב איך זיך דערוואוּסט ערשט שפּעטער. נאָר פונדעסטוועגן האָט ער עפּעס אָפּגערעדט מיטן אַלטן און האָט מיר געענטפערט: ביז ניאַקסימוואָלי — דרייצן רובל, ביז די זאַוואָדן — דרייסיק.

— און ווען כאַפּן די הערשן?

— קאַיאָר.

---

1) טאַאַק — שטאַרקער.

2) זייער שטאַרקער.

— און איצט איז בעשומויפן ניט מעגלעך?

ניקיפאָר האָט מיט אַ איראָנישן אויסזען איבערגעכאַזערט מיין פראגע, אלע האָבן זיך צעלאכט און האָבן אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אף ניין. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איבערנעכטיקן איז אומפאַרמיידלעך, און איך בין ארויס פון טשום אף דער פרייער לופט. שטיל און ווארעם. כ'האָב אַרומגעבלאָנקעט באַ אַ האַלבער שאָ אין פעלד און דערנאָך האָב איך זיך געלייגט שלאָפן אין שליטן.

אין פעלצל און אין גוס בין איך געלעגן ווי אין אַ פּו-טערנער נאָרע. איבערן טשום איז אַ ראָד לופט געווען באפארבט פונם אויסגייענדיקן פייער. ארום-און-ארום איז געשטאַנען אַן אַבסאָלוטע שטילקייט. אינדערהייך זיינען העל און שארף געהאנ-גען די שטערן. דיביימער זיינען געשטאַנען אומבאווועגלעך. דער רייעך כונם הערשענעם פוטער, וואָס האָט זיך צעפריעט פונם אָטעם, האָט מיך אַביסל געשטיקט, נאָר אין פוטער איז געווען איינגענומען ווארעם. די שטילקייט פון דער נאַכט האָט היפּנאָטי-זירט. איך בין אנשלאָפן געוואָרן מיט אַ פעסטן מיין, אַז איך זאָל קאַיאָר אופהייבן די פויערים אף די פיס, און וואָס פריער ארויס-פאָרן. וויפל צייט ס'איז פאַרפאַלן געוואָרן, אַ שרעק!

*

עטלעכע מאָל האָב איך זיך אומרואיק אופגעכאַפּט, נאָר ס'איז געווען שטאָק פינצטער. אין אָנהייב פון פינף אזייגער, אַז אַ טייל הימל איז העל געוואָרן, בין איך אריין אין טשום, אָנגע-טאַפּט צווישן די איבעריקע קערפּער ניקיפאָרן און האָב אים אופגעטרייסלט. ער האָט אופגעהויבן אף די פיס דעם גאַנצן טשום. אַפּאָנעם, אַז דאָס וואלדיש לעבן און די פראָקטיקע ווינטערס גייען ניט דורך אומזיסט פאַר דידאָזיקע מענטשן. אַז זיי האָבן זיך אופגעכאפּט, האָבן זיי אזוי לאנג געהוסט, געכראַ-קעט און געשפיגן אַף דער ערד, אַז איך האָב ניט אויסגעהאַלטן אָט-אָ די סצענע און האָב זיך ארויסגעכאַפּט אַף דער פרייער

 

לופס. באַם אַריינגאַנג אין טשום האָט אַ אינגל פון אַ יאָר צען געגאָסן וואַסער פון מויל אַף די שמוציקע הענט, און דערנאָך זי צעשמירט איבערן שמוציקן פּאָנעם. אַז ער האָט געענדיקט דידאָזיקע אָפּעראַציע, האָט ער זיך פלייסיק אויסגעווישט מיט אַ בינטל האָלק-סטרוזשקעס.

אינגיכן איז דער ארבעטער אָן דער נאָז און דער יונגערער זון מיט דער צעהאַקטער ליפּ ארויס אַף שניי-שיך מיט די הינט צו-נויפטרייבן די הערשן צום טשום. נאָר ס'איז אוועק אַ גוטע האַל-בע שאָ ביז פון וואַלד האָט זיך באוויזן די ערשטע גרופּע הערשן.

— מע האָט זיי, אַפּאָנעם, אַ רודער געטון,—האָט מיר דער-קלערט ניקיפאָר,—איצט וועט דאָ באלד זיין די גאנצע טשערעדע.

נאָר ס'האָט זיך ארויסגעוויזן ניט אזוי. ערשט אין אַ שאָ צוויי ארום האָט זיך צונויפגעקליבן א גאַנץ גרויסע צאָל הערשן. זיי האָבן שטיל ארומגעבלאָנקעט ארום דעם טשום, געגראָבן מיט די מאָרדעס דעם שניי, זיך פאַרזאַמלט אין גרופּעס און זיך גע-לייגט. די זון האָט זיך שוין אופגעהויבן איבערן וואלד און האָט באַלויכטן דעם שנייאיקן פעלד, אף וועלכן ס'איז געשטאַנען דער טשום. די סילועטן פון די הערשן, טונקעלע און ווייסע, גרויסע און קליינע, מיט הערנער און אָן הערנער, קריגן זיך אויס שאַרף אַפן פאָן פונם שניי. אַ וואונדערלעך בילד, וואָס זעט אויס פאַנ-טאַסטיש און וואָס דו וועסט עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. די הערשן ווערן אָפּגעהיט פון הינט. אַ קליין צעשויבערט כאיעלע וואַרפט זיך אַרוף אף אַ גרופּע הערשן פון אַ קעפּ פּופּציק, ווי נאָר יענע הייבן אָן אָפּגיין. אַביסעלע ווייטער פון טשום, און די הערשן לאָזן זיך יאָגן מיט אַ מעשוגענער שרעק צוריק אפן פעלד.

נאָר אפילע דאָסדאָזיקע בילד האָט אויך ניט געקאָנט פאַר-יאָגן די גדאנקען וועגן דער אָנגעוואָרענער צייט. איך וואַרט מיט פיבערישן אומגעדולד, אַז אַלע הערשן זאָלן זיך צונויפ-קלייבן, שוין באלד צען אַזייגער, און די טשערעדע איז נאָך ניט

צונויפגעטריבן,—ס׳האלט נאָך גאָר ווייט. מיר האָבן דאָ אָנגעוואָר-
אַ מעסלעס. איצט איז שוין קלאָר, אַז פריער פון עלף, צוועלף
אַזייגער וועס זיך אונז ניט איינגעבן ארויספאָרן פונדאנען. ביז
אָאורווי איז נאָך אַ ווערסט צוואנציק, דרייסיק מיט אַ שלעכטן
וועג. באַ אַ שלעכטער קאָמבינאַציע קען זיך אַזוי אויסמאכן,
אַז מע זאָל מיך נאָך היינט אָניאָגן. ווען מע זאָל דערלאָזן, אַז
אפן צווייטן טאָג האָט זיך די פּאָליציע געכאַפּט אין זי האָט זיך
דערוואוסט פון איינעם פון ניקיפאָרס מיטרינקער, מיט וועלכן
וועג איך בין אוועקגעפאָרן, האָט זי נאָך געקענט דעם נײַנצנטן
באַנאַכט באַוואָרענען מע זאָל מיך נאָכיאָגן. מיר זײַנען קאָם אָפּ-
געפאָרן דריי הונדערט ווערסט. אַזאַ מעהאַלעך קאָן מען דורכ-
מאַכן אין אַ מעסלעס אנדערהאַלבן. הייסט עס, אז מיר האָבן גען
געבן דעם כוינע פונקט געגוג צייט ער זאָל אונז אָניאָגן. דער
היינטיקער אָפּהאַלט קען ווערן אַן אומגליק פאַר מיר.

איך נעם זיך צו ניקיפאָרן. כ׳האָב דאָך גערעכנט געזאָגט, אַז
מע דאַרף באַלד פאָרן נאָכן אַלטן און ניט ווארטן. מ׳האָט אים
געקענט ארופוואַרפן עטלעכע רובל, אַבי מ׳זאָל ארויספאָרן פון
אָוונט. פאַרשטייט זיך, איך זאָל אליין רעדן אף אָסטיאַקיש,
וואָלט איך דאָס אלץ אָפּגעמאַכט, נאָר דערפאַר טאַקע פאָר איך
מיט ניקיפאָרן, וואָס איך רעד ניט אף אָסטיאַקיש... א. א. וו.

ניקיפאָר האָט פינצטער געקוקט פאַרביי מיר.

— איז וואָס קענסטו מיט זיי טון, אַז זיי ווילן ניט? און
דער הערש איז באַ זיי אויך אַן אָנגעשטאָפּטער, אַ צעפּעסטעטער.
אָט באַלד כאפּסטו אים באַנאַכט! נאָר ס׳מאכט ניט אויס,—זאָגט
ער, אויסקערעווענדיק זיך צו מיר, — מיר וועלן דערפאָרן!

— מירן דערפאָרן?

— מירן דערפאָרן!

מיטאַמאָל הייבט זיך מיר אויך אָן אויסווייזן, אַז ס׳מאַכט
ניט אויס, אַז מירן דערפאָרן. דערצו נאָך, אַז דאָס גאַנ-
צע פעלד איז שוין דורכויס באדעקט מיט הערשן און פון וואלד
באַווייזן זיך אַף שניי-שיך די אָסטיאַקן.

— באַלד וועט מען כאַפּן די הערשן,— האָט געזאָגט ניקיפאָר.

איך זע, ווי יעדערער פון די אָסטיאַקן נעמט אין די הענט אַן ארקאַן. דער אַלטער קלייבט לאַנגזאַם דעם שלייף אַף דער לינ-קער האַנט. דערנאָך האָבן אַלע עפּעס לאַנג זיך איבערגערופן צווישן זיך. אַפּאָנעם, זיי רעדן זיך צונויף, אַרבעטן אויס אַ פּלאַן און מערקן אָן דעם ערשטן קאָרבן. ניקיפאָר איז אויך אַריינ-געצויגן אין קאָן.

ער האָט צעפּודעט עפּעס א גרופּע הערשן און זיי גענו-מען טרייבן צו דער ברייטער שטרעקע, וואָס צווישן דעם אַלטן אונם זון. דער אַרבעטער שטייט ווייטער. די דערשראָקענע הערשן טראָגן זיך אין אַ געדיכטער מאַסע. א גאַנצער טייך פון קעפּ און הערנער! די אָסטיאַקן קוקן נאָך אָנגעשטריינגט נאָך יעדער פּינטעלע אינם דאָזיקן שטראָם. איינס! דער אַלטער האָט א וואָרף געטון זיין ארקאַן און ניט צופרידן אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. איינס! דער יונגער אָסטיאַק האָט אויך פאַרפעלט. נאָר אָט האָט דער אַרבעטער אָן דער נאָז, וואָס האָט באַלד אַפּן אָפּענעם פּ:אַץ צווישן די הערשן ארויסגערופן בא מיר אָפּשיי צו זיך מיט זיין סטיכייאיש-זיכערן אויסזען,— אָט האָט ער א שליידער געטון דעם אַרקאַן, און שוין אין דער באַוועגונג פון זיין האַנט האָט מען געזען, אַז ער וועט ניט פאַרפעלן.

די הערשן האָבן זיך א ריס געטון פון דער שטריק, נאָר א אַ ווייסער גרויסער הערש מיט אַ קלאָץ אַפּן האַלז האָט געטון אַ צוויי, דריי שפּרונג, האָט זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעהויבן דרייען זיך אַף איין אָרט. דער שלייף האָט זיך אים פאַר-פלאָנטערט אַרום האַלז און אַרום די הערנער. ניקיפאָר האָט מיר דערקלערט, אז דאָס האָט מען געכאַפּט דעם סאַמע דורכגע-טריבענעם הערש, וואָס בויעט די גאַנצע טשערעדע און פירט זיי אוועק אין דער נייטיקסטער מינוט. די אָסטיאַקן האָבן נאָכ-אַמאָל צונויפגענומען זייערע ארקאַנען און אָנגעוויקלט זיי אַף דער לינקער האַנט. דערנאָך האָבן זיי אויסגעאַרבעט א נייעם פּלאַן.

דער אַזאַרט-פון געיעג האָט מיך אויך פאַרכאַפּט. איך האָב זיך דערוואוסט פון ניקיפאָרן, אַז איצט וויל מען כאַפּן אָט יענע ברייטע הערשיכע מיט די קורצע הערנער, און איך האָב אויך גענומען אַן אַנטייל אין די קריג-אָפּעראַציעס. מיר האָבן גענומען יאָגן פון צוויי זייטן אַ גרופּע העהשן צו דער זייט, וואו ס'זיינען געשטאַנען אָנגעגרייט די דריי ארקאַנעס, נאָר די הערשיכע האָט געוואוסט, אַפּאָנעם, וואָס איז פאַר איר צוגעגרייט. זי האָט זיך מיטאַמאָל אַ וואָרף געטון אין אַ זייט און וואָלט אינגאַנצן אַוועק אין וואַלד, ווען די הינט וואָלטן זי ניט איבערגענומען. מ'האָט געמוזט נאָכאַמאָל אָנעמען אַ גאַנצע ריי אַרומרינגלמיטלען. געזיגט האָט דאָסמאָל אויך דער אַרבעטער, וואָס האָט צוגעהיט די מיגום און האָט ארופגעוואָרפן דער דורכגעטריבענער הערשיכע דעם שלייף אָפן האַלז.

— דידאָזיקע הערשיכע איז אַ יאַלעווקע,—האָט מיר דערקלערט ניקיפאָר,—קיין קעלבער האָט זי ניט, דערפאַר איז זי גוט צו דער אַרבעט.

דאָס געיעג איז געוואָרן אינטערעסאַנט, כאָטש ס'האָט זיך פאַרצויגן. נאָך דער הערשיכע האָט מען מיטאַמאָל אין צוויי אַרקאַנעס געכאַפּט א ריזיקן הערש, וועלכער איז געווען ענלעך אַף אַן עמעסן אָקס. דערנאָך איז פאָרגעקומען אַן איבעררייס. אַ גרופּע נייטיקע הערשן האָט זיך אַרויסגעריסן פונם קרייז און איז אַוועק אין וואַלד. נאָכאַמאָל איז דער אַרבעטער מיט דעם יונגערן זון אַוועק אַף די שניי-שיך אין וואלד, און מיר האָבן געוואַרט אַף זיי בא א האלבער שאָ. צום סאָף איז דאָס געיעג אַוועק פריילעכער, און מיט אלגעמיינע קויכעס האָט מען געכאַפּט דרייצן הערשן: זיבן פאַר אונז מיט ניקיפאָרן אין וועג, און זעקס שטיק פאַר די באלעבאַטים. ארום עלף אַזייגער ערשט זיינען מיר אַרויסגעפאָרן אַף פיר טראָיקעס פונם טשום אין דער ריכטונג פון אָאורווי. אַף „די זאַוואָדן" וועט מיט אונז פאָרן דער אַרבעטער, צו זיין נארטע טונהינטן איז צוגעבונדן דער זיבעטער, רעזערוו-הערש.

דער הינקענדיקער אָקס, וואָס אוועקפאָרנדיק אין טשום האָבן מיר אים געלאָזן אין די אָאורוווינער יורטעס, האָט זיך שוין טאַקע נים פאַריכט. ער איז טרויעריק געלעגן אַפן שניי און האָט זיך געלאָזן נעמען אָן אַן אַרקאַן. ניקיפאָר האָט אים נאָכאַמאָל גע-בלוט, און ס'האָט פונקט אַזוי געהאָלפן, ווי פריער. די אָסטיאַקן האָבן אָנגעהויבן פאַרזיכערן, אַז דער הערש האָט זיך אויסגעהינקט א פוס. ניקיפאָר איז אביסל געשטאַנען איבער אים און געטראכט און נאָכדעם האט ער אים פאַרקויפט אף פלייש צו איינעם פון די אָרטיקע באלעבאַטים פאַר אַכט רובל. יענער האָט אוועקגע-שלעפּט דעם אָרעמען הערש אַף א שטריק. אַזוי טרויעריק איז געווען דער סאָף פון הערש, „וואָס האָט צו זיך נים קיין גלייכן אין דער גאַנצער וועלט". אינטערעסאַנט איז, וואָס ניקיפאָר האָט פאַרקויפט דעם הערש, נים אָנפרעגנדיק זיך בא מיר. ווערליק מיר האָבן זיך צונויפגערעדט, האָבן די אָקסן באַדאַרפט ווערן זיינע ערשט נאָך דעם, ווי מיר וועלן בעשאָלעם אָנקומען אַפן אָרט! מיר האָט זיך זייער נים געוואָלט אָפּגעבן אונטערן מעסער דעם הערש, וואָס האָט מיר אַזוי געטריי אָפּגעדינט. נאָר פראָ-טעסטירן האָב איך בא זיך נים געפוילעט. אַז ניקיפאָר האָט פאַר-ענדיקט זיין מיסכער און האָט אַריינגעלייגט דאָס געלט אין ביי-טעלע, האָט ער זיך אויסגעקערעוועט צו מיר און געזאָגט:

— אָט האָב איך צוועלף רובל ריינעם שאָדן.

אן איינפאַל! ער האָט פאַרגעסן, אַז די הערשן געקויפט האָב איך און אַז זיי האָבן געדאַרפט, ווי ער האָט פאַרזיכערט, מיך צושטעלן אַפן אָרט. און דאָ זיינען מיר ערשט דורכגעפאָרן דריי-הונדערט ווערסט — און מיר האָבן שוין געדונגען נייע.

היינט איז אַזוי וואַרעם, אַז דער שניי צעגייט און צעפליט זיך שטיקערווייס פון אונטער די קאָפיטעס אין אלע זייטן. פאַר די הערשן איז שטאַרק שווער. אַ פירער איז בא אונז א איינהאָרנ-דיקער אָקס, וואָס האָט אַ גאַנץ באַשיידענעם אויסזען. פונרעכטס די הערשיכע, די יאלעווקע אַרבעט פלייסיק מיט די פיס. צווישן

אַ טעטער קליינוואָקסיקער הערש, וועלכער האָט ערשט הײַנט זיך דערוואוסט וואָס הייסט אַ שפּאָן. אונטערן קאַנויאָ פֿונלינקס און פֿונרעכטס פֿילט ער אויס זיינע פּליכטן. פֿאָר[illegible] פֿירט דער אַסטיאַק די נאַרטע מיט מײנע זאַכן. פֿונויבן אַף דער מאַליצע האָט ער אָנגעטאָן אַ העל-רויטן קיטל, און אַפֿי[illegible] פֿון ווייסן שנײ, גרויען וואַלד, גרויע הערשן און גרויע[illegible] טײלט ער זיך אויס, ווי אַ לעפֿישער און אין דערזעלבער[illegible] אַ נייטי-קער פֿלעק.

דער וועג איז אַזאַ שווערער, אַז אַף די פּאַרנטיקע נאַרטעס האָבן זיך אָפּגעריסן די שפּאַנשטריקלעך. בײַ יעדער אָפּשטעל פֿירן די שליטנס צו צום וועג, אין ס'איז שווער אַ ריר טון די נאַרטעס פֿונם אָרט. נאָך די ערשטע צוויי דורכלויפֿן זיינען די הערשן שוין שטאַרק איינגעמידט.

— אין די ג י ל ד י נ ע ר יורטעס וועלן מיר זיך אָפּשטעלן טיי טרינקן? — האָט ניקיפֿאָר מיך געפֿרעגט. — די פֿאָלגנדיקע יורטעס זיינען ווייטלעך. איך האָב געזען, אַז די אָנטרייבער גלוסט זיך טיי, נאָר מיר האָט בײַנק געטון פֿאַרלירן צייט, בײַ[illegible]ערס נאָך דעם, ווי מיר זיינען אָפּגעשטאַנען אַ גאַנצן מעסל[illegible] ווי. איך האָב געענטפֿערט אַף ניין.

— ווי איר ווילט, — האָט געענטפֿערט ניקיפֿאָר או[illegible] קאַם אַ שטורך געטון מיטן שטאָק די הערשיכע, די[illegible]קע.

שווייגנדיק זיינען מיר אָפּגעפֿאָרן נאָך אַ ווערסט פֿערציק. אַז ניקיפֿאָר איז ניכטער, איז ער אָנגעברוגעזט און שווייגט. ס'איז געוואָרן קעלטער, און דער וועג איז אונטערגעפֿרוירן און וואָס אַמאָל געוואָרן בעסער. אין ס אַ נ ג י - ט ו ר - פּ אַ ו ל האָבן מיר באַשלאָסן זיך אָפּשטעלן. די יורטעס זיינען דאָ אויסגעצייכנ-טע: פֿאַראַן ביינק, פֿאַראַן אַ טיש, באַדעקט מיט אַ סערוועט.

*

אַז מיר זיינען אַרויסגעפֿאָרן פֿון די סאַנגי-טורישע יורטעס, איז שוין געווען פֿינצטער. די אָדליהע איז שוין לאַנג איבערגע-

גאַנגען, כאָטש ס׳איז נאָך געווען זייער וואַרעם. ס׳האָט זיך גע־שטעלט אַן אויסגעצייכנטער, ווייכער און נים קיין זינקענדיקער וועג—דער סאמע רעכטער וועג, ווי ניקיפאר זאָגט. די ערשטן האָבן געטראָטן שטיל און האָבן זייער גרינג געשלעפּט די נאַרטעס. סאָפּ־קאָלסאָף, האָט מען געמוזט אויסשפּאַנען דעם דריטן און אים צו־בינדן פונהינטן, ווייל פון נים האָבן וואָס צו טון. האָבן די ערשטן זיך געוואָרפן אין די זייטן און האָבן געקענט צעברעכן דעם שליטן. די נארטעס האָבן זיך געזוקט גלייך און אָן געדויש, ווי א שיפל איבער שפּיגלדיקער וואַסער. אין געדיכטער טונקלקייט האָט דער וואַלד אויסגעזעען נאָך ריזיקער. דעם וועג האָב איך אינגאַנצן נים געזעען און די באַוועגונג פון די נארטעס האָב איך קימאַט נים גע־פילט. ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פּארקישעכטע ביימער לאָזן זיך געשווינד אף אונז, קוסטעס אנטל.יפן אין די זייטן, אלטע קאָר־טשעס, צוגעדעקטע מים שניי אין איין דיי מיט שטאלטיקע בערע־זעס, טראָגן זיך פאַרביי אונז.

ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אלץ איז פול מיט סוידעס. „טשו־טשו-טשו-טשו״,—האָט זיך געהערט דער אָפּטער און געמאָסטענער אָטעם אין דער שטילקייט פון דער וואלדישער נאַכט. און אין די ראמען פון דעמדאָזיקן ריטם שווימען אוף אין קאָפּ טויזנטער פאַר־געסענע קלאנגען. פלוצלינג, אין דער טיף פון דעמדאָזיקן וואַ[illegible]ד—א פייף. ער ווייזט זיך אויס סוידעסדיק און אומענדלעך ווייט. און אינדערעמעסן איז דאָס — אין פינף טריט פון מיר האָט אַן אָסט אַק זיך אַ שפּיל געטון מיט די הערשן. דערנאָך ווידעראמאָל שטיל, נאָכאמאָל א ווייטער פייף, און די ביימער טראָגן זיך פון כוישעך אין כוישעך.

אין האַלב-דרימל הייבט מיך אָן באהערשן אן אומרואיקער גע־דאַנק. ווערליק ס׳איז ארומגעשטעלט מיין [illegible]יזע, קערן די אָסטיאקן מיך האַלטן פאַר אַ גרויסן סויכער.

[illegible] [illegible]ואלד, פינצט[illegible]רע נאַכט, פּופּציק ווערסט ארום-און־ארו[illegible] [illegible] [illegible]צדיקער מענטש, קיין הונט נישט. וואָס קען זיי [illegible] גוט, וואָס איך האָב אַ רעוואָלווער. נאָר דער־

דאָזיקער רעוואָלווער איז דאָך פאַרשלאָסן אין סאקוואָיאזש, און דער סאקוואָיאזש איז איינגעבונדן אין נאַ־טע באַם פורמאַן,—באַ דעמזעלבן אָסטיאַק אָן דער נאָז, וואָס הייבט מיר עפּעס אָן ווערן שטאַרק פאַרדעכטיק אין דער מינוט. מע דאַרף אומבאַדינגט,-באַ-שליס איך באַ זיך, אַף דער ערשטער סטאַנציע ארויסבאַקומען דעם רעוואָלווער פון סאקוואָיאַזש און אים אוועקלייגן לעבן זיך.

אַ מאָדנע באַשעפעניש אָט דער אָנטרייבער אונזערער אינם רויטן מאנטל! אַפּאָנעם, אַז דאָס, וואָס ער האָט קיין נאָז ניט, האָט ווינציק-וואָס געשאַט זיין שמעק-כוש. ס'דאַכט זיך, אַז מיטן כוש באַשטימט ער דאָס אָרט און געפינט דעם וועג. ער קען יעדער קוסט און פּ־לט זיך אין וואלד ווי אין יורטע. אָט האָט ער עפּעס געזאָגט ניקיפארן: ווייזט זיך ארויס, אז דאָ אונטערן שניי דארף זיין מאָך. הייסט עס, אַז מע דאַרף אָנהאָדעווען די הערשן.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אויסגעשפּאַנט די הערשן. ס'איז געווען אַזייגער דריי באַנאַכט.

ניקיפאר האָט מיר דערקלערט, אז זייערע, די זירישע הערשן זיינען דורכגעטריבענע, און פון זינט ער, ניקיפאר, פאָרט, האָט ער זיי קיינמאָל ניט אָפּגעלאָזן פריי זיך פּאַשען, נאָר ער פלעג זיי שטענדיק פּאַשען צוגעבונדענערהייט.

— אָפּלאָזן אַ הערש איז גרינג, — און אַז דו ווערסט אים ד־ר-נאָך ניט כאַפּן?

נאָר באַם אָסטיאַק איז געווען אן אנדער קוק אף דעם, און ער האָט באַשלאָסן אָפּלאָזן זיינע הערשן אף ערן-וואָרט. אַזאַ גרויסמוטיקייט איז אַוואַדע זייער פיין, נאָר איך האָב מיט כשאד זיך איינגעקוקט אין די הערש־נע מאָרדעס. וואָס וועט זיין, אז ס'וועט זיי בעסער געפעלן ווערן דער מאָך, וואָס וואַקסט ארום אָאורווינער טשום? דאָס וואָלט טאַקע געווען טרויעריק. מער ניט, איידער דער אָנטרייבער האָט אָפּגעלאָזן די הערשן, האָט ער אָפּגעהאַקט צוויי הויכע סאָסנעס און האָט זיי צעהאַקט אף זיבן קלעצער פון אַן אַרשין אנדערהאַלבן יעדערע. דידאָזיקע קלעצער האָט ער. ווי אַ פאַרהאַלט-מיטל, אָנגעהאנגען אפן האלז פון יעדער

הערש־באַזונדער. מע דאַרף האָפן, אַז דידאָזיקע ברעלאָקלעך וויי־נען נישט קיין שטאַרק גרינגע. אָפּגעלאָזן די הערשן האָט ניקי־פּאַר אָנגעהאַקט האָלץ, אויסגעטראָטן לעבן וועג אַ קרייז אין שניי און אינדערמיט צעלייגט אַ פייער, און אַרום אים האָט ער אָנ־געבעט טאַנען־צווייגלעך אויף געמאַכט אַן אָרט אַף זיצן. אַף צוויי פייכטע צווייגלעך, אריינגעשטעקטע אין שניי, האָבן מיר אופגע־האַנגען צוויי קעסעלעך און אָנגעשלאָגן מיט שניי אין דער מאָס, וואָס ער איז צעגאַנגען... דאָס טרינקען טיי אַף פעווראַלישן שניי וואָלט מיר מיסטאָם ווייניקער געפעלן געוואָרן, ווען ס׳וואָלט גע־כאַפּט אַ פראָסט פון אַ גראַדוס 40, 50. נאָר דער הימל האָט אונז וואונדערלעך צוליב געטון. ס׳איז געשטאַנען אַ שטילער און אַ וואַרעמער וועטער.

אַזוי ווי איך האָב מוירע געהאַט פאַרשלאָפן, האָב איך זיך ניט געלייגט צוזאַמען מיט די אָנטרייבער. אַ שאָ צוויי בין איך אָפּגעזעסן באַם פייער, אונטערהאַלטנדיק אים, און איך האָב פאַרשריבן בא זיין וואַקלדיקער שיין מיינע רייזע־איינדרוקן.

*

קאַיאַר האָב איך אופגעוועקט די אָנטרייבער. די הערשן האָט מען ג[illegible]פּט זייער גרינג. ביז מ׳האָט זיי געבראַכט און איינגע־שפּ[illegible] איז שוין געוואָרן אינגאַנצן ליכטיק, און אלצדינג האָט [illegible] אַ גאַנץ פראָזאַאישן אויסזען. די סאָסנעס האָבן זיך כאַרק[illegible]ערס אינדערגרעב. די בערעזעס האָבן זיך אונז ניט געיאָגט אַנקעגן. באַם אָסטיאַק איז געווען אַ פאַרשלאָפענער אויסזען, און מיינע באַנאַכטיקע כשאָדים ויינען זי׳ צעגאַנגען ווי אַ רויך. דערווייל האָב איך זיך שוין דערמאָנט, אַז אין דעם פּלטיטשקן רעוואָלווער, וואָס איך האָב געקראָגן פאַרן אוועק־פאָרן, איז דאָ נאָר צוויי פּאַטראָנעס, און אַז מע האָט מיך זייער שטאַרק געבעטן איך זאָל מיט אים ניט שיסן, אויב איך וויל אויסמיידן אַן אומגליק. דער רעוואָלווער איז שוין אַזוי געבליבן אין סאַקוואָיאַזש.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן געדיכטער וואלד: סאָסנע, טענענבוים, בערעזע, מעכטיקער בלעטערבוים, צעדער, און איבערן טייך—טאל און בייגעדיקער שווארצטאל. דער וועג איז אַ גוטער. די הערשן גייען לויפיק, נאָר ניט שפּילעוודיק. אַף דער פאָדערשטער נאַרטע האָט דער אָסטיאַק אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און זינגט זיין טרויעריקע ליד, וואָס פאַרמאָגט נאָר פיר נאָטן. וואלד, וואלד... אַן איינאַרטיק־ר אַף אומגעהייערע שטרעקעס. אין דערזעלבער צייט—אַן אומענדלעך פארשיידנאַרטיקער אין זיינע אינעווייניקסטע קאָמבינאַציעס. אָט האָט זיך איבערן גאַנצן וועג איבערגעוואָרפן זין אונטערגעפוילטע סאָסנע. אַ ריזיק גרויסע איז זי, אין דער גאַנצער לייַנג באַדעקט מיט שניי־טאַכריכים, וואָס הייַנגען איבער אונזערע קעפּ, און דאָ האָט, אַפּאָנעם, אין פאָריקן הארבסט געברענט דער וואלד. טרוקענע גלייכע שטאַמען אָן קאָרע און אָן צווייגן שטייען, ווי אומזיניק אָנגעשטעקטע טעלעגראַף־סלופּעס, אָדער ווי אין אַ פאַרפרוירענעם האַפן זעגלביימער, וואָס זיינען ניט באַפליגלט מיט קיין זעגלען. עטלעכע ווערסט פאָרן מיר מיט אָפּגעברענטן וואלד. דערנאָך הייבן אָן גיין הוילע טענענביימער, צעצווייגטע, טונקעלע און געדיכטע. די אלטע גיגאַנטן שטופּן איינער דעם צווייטן, זייערע שפּיצן שליסן זיך צונויף אינדערהייך און לאָזן ניט ק״ן דורכגאַנג פאַר די זון־שטראַלן. די צווייגן זיינען פאַרוועבט מיט עפּעס אַזוינע גרינע פעדים, ווי זיי וואָלטן געווען באדעקט מיט גראָבן שפּינוועבס. סיי די הערשן, סיי די מענטשן ווערן קלענער צווישן די דאָזיקע הונדערטיאָריקע טענענביימער. דערנאָך הייבן די ביימער אָן ווערן קלענער און קלענער, און אַף אַ שנייפעלדל זיינען אַרויסגעלאָפן אין צעשאָטענעם פראָנט הונדערטער יונגע טענענביימלעך און זיינען פאַ־גליוועדט געוואָרן אין אַ גלייכן מעהאַלעך איינער פונם צווייטן. פלוצלינג, וואו דער וועג פאַרקערעוועט, איז אונזער צוג שיר ניט ארופגעפאָרן אַף אַ קליינער נארטע מיט האָלץ, אין וועלכער ס׳איז געווען איינגעשפּאַנט דריי הינט און אַ מיידעלע אן אָסטיאַקן. בא דער זייט איז געגאַן אַ אינגל פון אַ יאָר פינף—זייער שיינע קינדער. בא

די אָסטיאַקן, ווי איך האָב באַמערקט, זיינען ביכלאַל ניט זעלטן קײן שײנע קינדער. נאָר פאַרוואָס זײנען אַזוי מיעס די דער־וואַקסענע?

וואַלד און וואלד... אָט איז ווייטער אַן אויסגעגבר־ענטע שטרע־קע. אַפּאָנעם, שוין פונלאַנג. צווישן די אָפּגעבּרענטע שטאַמען הייבט זיך אינדערהייך אַ יונגער ווידערוואוקס.

— פאַרוואָס צינדן זיך אָן די וועלדער? פון צעלייגטע פייערן?

— ווי קומען אַהערצו פייערן, — ענטפערט ניקיפאָר, — דאָ איז זומער קיין לעבעדיקער נעפעש נישטאָ. זומער גייט דער וועג מיטן טייַך. פון די וואָלקנס צינדן זיך אָן די וועלדער. ס'גיט אַ זעץ אַ וואָלקן און צינדט אָן. אָדער נאָך דערפון, וואָס ס'רייבט זיך אַ בוים אין אַ בוים, און ס'הייבט אָן ברענען. דער ווינט שאָקלט זיי, און זומער איז דער בוים אַ טרוקענער. לעשן? ווער זאָל דאָ לעשן? דער ווינט צעטראָגט דעם פייער און דער ווינט פאַרלעשט אים. דער קליי פונויבן ברענט אָפּ, די קאָרע טיילט זיך אָפּ, די נאָדלבלעטער ברענען אָפּ און ד״ר שטאַם בלייבט. אין אַ יאָר צוויי אַרום טריקנט אויס דער וואָרצל און דער שטאַם פאַלט איין.

אַסאַך הוילע שטאַמען זיינען דאָ, וואָס אָט־אָט זיינען זיי גרייט פאַלן, אַן אַנדערער האַלט זיך אַף דינע צווייגן פון אַ צווייטן טענענבוים, און דער לעצטער איז שוין אָט־אָט געווען גרייט פאַלן אַפן וועג, נאָר ווער ווייסט, ווי אַזוי ער האָט זיך פאַרהאַלטן מיטן שפּיץ אַף דריי אַרשין פון דער ערד. מע דאַרף זיך אָנבייגן, אַז מע זאָל זיך ניט צעזעצן דעם קאָפּ. און ווידער אַ פאַס מעכטיקע טענענביימער, וואָס ציט זיך אין מעשייך פון עטלעכע מינוט. און דערנאָך עפנט זיך מיטאַמאָל אַ דורכבראָך אַף אַ טייכל.

— אַף אַזוינע דורכבראָכן איז גוט כאַפּן קאַטשקעס אין פרי־לינג. דער פויגל פליט אין פרילינג פונויבן אַראָפּ. איז אָט נאָכן זון־פאַרגיין פאַרציסטו אַ נעץ אַף אַזאַ דורכבראָך פון בוים צו

בוים ביזן סאַמע שפּיץ. אַ נעץ, אַ גרויסע, אַזאַ ווי אַ פישנעץ די גרייס. און אליין ליגסטו זיך ערגעץ אונטער אַ בוים. די קאַטשקע פליט טשאַטעסוויס אַפן דורכבראָך, און אינדערטונקל פאַרשלאָגט זי זיך, די גאַנצע טשאַטע, אין נעץ אַריין. דעמאָלט טוסטו אַ צי פאַרן שטריקל, די נעץ פאַלט און דו פאַרנעמסט דעם גאַנצן פאַנג. ביז אַ פופציק שטיק קען מען אַזוי נעמען מיטאַמאָל. מע זאָל נאָר באַווייזן צובייסן.

— ווי אַזוי צובייסן?

— מע דאַרף זי דאָך האַרגענען, אַז זי זאָל זיך ניט צעפליען! איז אָט בייסט מען איר צו מיט די ציין דאָס קעפּל פונויבן, און וואָס גיכער... דאָס בלוט איבער די ליפּן רינט אַזוי... פאַר-שטייט זיך, מיט אַ שטעקל קאָן מען זי אויך האַרגענען, נאָר מיט די ציין איז זיכערער.

פריער האָבן די הערשן, ווי די אָסטיאַקן, געהאַט באַ מיר איין פּאָנעם, נאָר אינגיכן האָב איך זיך איבערצייגט, אַז יעדער איי-נער פון די זיבן הערשן האָט זיין אייגענע פיזיאָנאָמיע. און איך האָב זיך אויסגעלערנט זיי דערקענען. צייטנווייס פיל איך אַ צערט-לעכקייט צו דידאָזיקע וואונדערלעכע כאַיעס. וואָס האָבן מיך שוין דערנעענטערט אַף 500 ווערסט צום אייזנבאַן.

דער ספירט איז באַ אונז אינגאַנצן אויסגעגאַן. ניקיפאָר איז ניכטער און דערשלאָגן. דער אָסטיאַק ציט זיין אומע-טיקע ליד.

צייטנווייס איז מיר אַזוי מאָדנע טראַכטן, אַז דאָס בין איך, דאווקע איך און ניט עמעצער אַנדערש — פאַרוואָרפן אין דידאָזיקע אומענדלעכע וויסטע שטרעקעס, אָט די צוויי נאַרטעס, זיבן הערשן און אָט דידאָזיקע צוויי מענטשן — דאָס אַלץ באַוועגט זיך פאָרויס צוליב מיר. צוויי מענטשן, דערוואַקסענע מיט, פאַמיליעס, האָבן געלאָזן זייערע הייזער און טראָגן איבער אַלע שוועריקייטן פונעם דאָזיקן וועג, ווייל דאָס דאַרף עמעצער אַ דריטער, אַ פרעמדער. אַן אומבאַקאַנטער פאַר זיי ביידע.

נאָכן באַנאַכטיקן האָדעווען די הערשן זיינען מיר דורכגעפאָרן פאַרביי סאַראַדייער און מענק-יאַ-פאַולער יורטעס. קדשט אין די כאַנגלאַזער האָבן מיר געמאַכט אַן אָפשטעל. דאָ איז, אַפאָנעם, דאָס פאָלק נאָך ווילדער איידער אין די אנדערע יורטעס. אַלץ איז פאַר זיי אַ כידעש: מיין טיש-געשיר, מיין שערל, מיינע זאָקן, די קאָלדרע אין שליטן — אַלץ רופט באַ זיי אַרויס אַ פאַרכידעשטע באַגייסטערונג. באַ יעדער נ״ער זאַך וואונדערן זיי זיך. אַז איך האָב צעלייגט פאַר זיך די קאַרטע פון טאָבאָלער גובערניע און איך האָב איבערגעלייענט אַפן קאָל די נעמען פון אַלע שכייניש יורטעס און טייכלעך, האָבן זיי געהערט מיט אָפענע מיילער. און אַז איך האָב געענדיקט, האָבן זיי אַלע מיט-אַמאָל געמאָלדן, — ווי ניקיפאָר האָט מיר איבערגעזעצט, — אַז ס'איז טאַקע אַזוי, אַז ס'איז אינגאַנצן ריכטיק. באַ מיר איז גיט גע-ווען קיין מינץ, און קעדיי צו באַדאַנקען זיי פאַרן דאך און פאַרן פייער, האָב איך אלע מענער און אַלע ווייבער געגעבן צו דריי פאַפּיראָסן און צו איין קאָנפעט. אַלע זיינען געווען צופרידן. אַן אַלטיטשקע אָסטיאַקן, גיט אַזאַ מיעסע, ווי די איבעריקע, און זייער אַ לעבעדיקע, האָט זיך פאָשעט פאַרליבט אין מיר, דאָס הייסט, אייגנטלעך, אין אַלע מיינע זאַכן. און אין שמייכל האָט מען געזעען, אַז אירע געפילן זיינען אינגאַנצן אָן אַ שלעכטן מיין, נאָר פאָשעטע היספּאַילעס פאַר זאַכן פון אַן אַנדער וועלט. זי האָט מיר געהאָלפן איינדעקן די פיס מיט דער קאָלדרע, און דער-נאָך האָבן מיר זיך מיט איר זייער ליב געזעגנט פאַר די הענט, און יעדערער האָט געזאָגט אַ פאָר פריינטלעכע ווערטער אַף זיין שפּראַך.

*

אין ניאַקסימוואָלער יורטעס זיינען מיר געקומען באַ-נאַכט. דאָ האָט מען געקענט בייטן די הערשן, און איך האָב באַ-שלאָסן דאָס טון, נים קוקנדיק אַף ניקיפאָרס פּראָטעסטן. ער האָט די גאַנצע צייט איינגעטאַינעט, אַז מיר דאַרפן פאָרן אַף די אָאור-

ווינער הערשן ביזן סאָף, און האָט מיר פאַרשאַפט אַלעראליי שוועריקייטן באַם אויסבייטן די הערשן. ערשט אין אַ צייט ארום האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס זאָרגט ער זיך וועגן אומקערן זיך צוריק. אַף די אָאורוווינער הערשן קען ער זיך אומקערן צוריק אין טשום, וואו ער האָט געלאָזן זיינע. נאָר איך האָב זיך ניט אונטערגעגעבן, און פאַר אַכצן רובל האָבן מיר געדונגען פרישע הערשן ביז נ י ק י ט אָ - א י וו ד ע ל ס ק, אַ גרויסער דאָרף הינטער אוראַל. דאָס איז דער לעצטער פונקט פון „הערשענעם" טראַקט. פון דאָרט ביזן אייזנבאַן וועט שוין אויסקומען פאָרן אַ ווערסט 150 אַף פערד. פון נ י א ק ס י מ וו אָ ל י ביז איוודעל רעכנט זיך 250 ווערסט — אַ ג טער מעסלעס פאָרן.

דאָ האָט זיך איבערגעכאַזערט דיזעלבע געשיכטע, וואָס אין אָאורוווי. באַנאַכט כאַפן די הערשן קען מען ניט, און מע מוז איבערנעכטיקן.

אָפגעשטעלט האָבן מיר זיך אין אַ אָרימער זירישער שטוב. דער באַלעבאָס האָט פריער געדינט באַ אַ סוחר, ווי אַן אָנגעשטעלטער, נאָר זיי זיינען עפּעס ניט דורכגעקומען, און איצט זיצט ער אָן אַן אָרט און אַרבעט. ער האָט מיך באלד פאַרכידעשט מיט זיין ליטעראַרישער ניט פויערישער שפּראַך. מיר האָבן זיך צערעדט וועגן פּאָליטיק און וועגן ליטעראַטור, און אָט דערזעלבער געבילדעטער מענטש איז אָבער אַן עמעסער ווארוואר. ער האָט קיין האַנט איך קאַלטער וואַסער ניט אַריינגעטון צו העלפן זיין וייב, וואָס האָלט אוף די גאַנצע מישפּאָכע. זי באַקט ברויט פאַר די אָסטיאַקן — צוויי אויוונס אַ טאָג. האָלץ און וואַסער טראָגט זי אַף זיך. און אויסערדעם זיינען די קינדער אויך באַ איר אַף די הענט.

די גאַנצע נאַכט, וואָס מיר האָבן דאָרט פאַרבראַכט, האָט זי זיך אַף קיין איין שאָ ניט געלייגט. אונטערן ווענטל האָט געברענט אַ לעמפּל, און אין גערויש האָט מען דערקענט, אַז דאָרט קומט פאָר אַ שווערע ארבעט מיט טייג. אינדערפרי איז זי ווידער געווען אַף די פיס, געשטעלט דעם סאַמאָוואַר, אָנגעטון די קינ-

דער און דערלאַנגט דעם מאַן, וואָס איז ערשט אופגעשטאַנען, אויסגעטריקנטע פימעס.

— פאַרוואָס העלפסט אייך ניט אייער מאַן, — האָב איך זי געפרעגט, אַז מיר זיינען געבליבן אליין אין שטוב.

— ווייל דאָ איז קיין רעכטע אַרבעט ניטאָ. זיך פאַרנעמען מיט פישפאַנג איז ניטאָ וואו. צו געיעג א״ז ער ניט צוגעוויינט, די ערד אַקערט מען דאָ ניט. פאַראַיאָרן האָבן די שכיינים דאָס ערשטע מאָל געפרואווט אַקערן. איז וואָס זאָל ער טון? און מיט שטוב-אַרבעט פאַרנעמען זיך ניט אונזערע מענער. און דעם עמעס דאַרף מען זאָגן — זיי זיינען פוילע, ניט מיט קיין סאַך בעסער פון די אָסטיאַקן.

— אָט זאָגט איר, אַז אייערע שכיינים האָבן געפרואווט אַקערן, נו, איז וואָס, איז געראָטן באַ זיי?

— זייער גוט געראָטן. איינער האָט פאַרזייט אנדערהאַלבן פוד קאָרן, אַראָפּגענומען האָט ער דרייסיק פוד. דער אַנדערער האָט אַ פוד פאַרזייט, אַראָפּגענומען צוואַנציק פוד. אַ ווערסט פערציק איז פונדאַנען ביזן אַקערפעלד.

ניאַקסימוואָלי איז דאָס ערשטע אָרט אין וועג, וואו איך האָב דערהערט וועגן ערדארבעט.

*

אַרויספאָרן פונדאַנען האָט זיך אונז איינגעגעבן ערשט נאָך האַלבן טאָג. דער נייער אָנטרייבער, ווי אלע אָנטרייבער, האָט ־געזאָגט ארויספאָרן „קאַיאָר״, און אינדערעמעסן האָט ער געבראַכט די הערשן ערשט צו צוועלף אַזייגער באַטאָג. מיט אונז האָט ער געשיקט אַ אינגל.

די זון האָט געברענט מיט איר שיין. ס׳איז שווער געווען עפענען די אויגן. אפילו דורך די וויעס האָט זיך דער שניי און די זון אריינגעגאָסן אין די אויגן, ווי צעשמאָלצענער מעטאַל. אין דערזעלבער צייט האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט, וואָס האָט ניט געלאָזן דער שניי זאָל צוגיין. ערשט אַז מיר זיינען אריינגע-

פארן אין וואלד, האבן די אויגן באקומען אַ מעגלעכקייט זיך אָפּרוען. דער וואלד איז דערזעלבער, וואס פריער, און דיזעלבע צאָל כאיעשע שפּורן, וועלכע איך האָב מיט ניקיפאָרס הילף זיך אויסגעלערנט דערקענען. אָט האט אַ האָז געפּלאָנטערט זיינע אויגצלומפּערטע שלייפן. האָזענע שפּורן איז דאָ אַ וועלט, ווייל קיינער גייט נים אף געיעג נאָך האָזן. אָט איז אַ גאַנצער קרייז, אויסגעטאַפּטשעט מיט האָזענע פיסלעך, און פון אים צעגייען זיך די שפּורן ווי ראדיוסן אין אלע זייטן. מע קען מיינען, אַז באַנאכט איז דאָ געווען אַ מיטינג, און אַז ס'האָט זיי געפּאקט אַ פּאַטרול, האָבן די האָזן זיך צעשאָטן אין אלע זייטן. שניי-הינער איז דאָ אויך אסאַך, און דער אָפּשטעמפּל פון זייערע שארפע פיסלעך זעט זיך ערטערווייס אַפן שניי. באַם וועג, אַף אַ דריי-סיק שפּאַן פיס-אין-פיס, האָט זיך אויסגעצויגן אין אַ גראָדער ליניע דער גנייווישער שפּור פונם פוקס. און דאָרט אפן שנייאיקן אַראָפּ-באַרג האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן צום טייך איינער נאָכן צווייטן גרויע וועלף, טאָפּטשענדיק איינעם און דעמזעלבן שפּור. אומעטום איז צעווארפן דאס קאָם באַמערקטע שפּורעלע פון דער וואלדמויז. דער גרינגער הערמל*) האָט אין אַסאַך ערטער געלאָזן זיין שפּוד פונקט ווי אַן אָפּשטעמפּל פון שלייפן אף אַן אויסגעצויגן שטריקל. אָט האָקט איבער דעם וועג אַ ריי גרויסע גריבער, — דאָס האָט לעפּיש געשפּאנט דער ווילדער הערש.

באנאכט האָבן מיר ווידער זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעלאָזן די הערשן, צעלייגט אַ פייער, געטרונקען טיי, און אינדערפרי האָב איך ווידער אין אַ פיבערישן צושטאַנד געוואַרט אף די הערשן. איידער מ'איז אַוועק נאָך זיי, האָט ניקיפאָר מיך געוואָרנט, אז בא איינעם פון זיי האָט זיך אָפּגעבונדן דאָס קלעצל.

— איז וואָס איז מיט אים, ער איז אַנטלאָפן? — האָב איך געפרעגט.

— דער אָקס איז דאַווקע דאָ, — האָט ניקיפאָר געענטפערט, און האָט באלד גענומען פלייסיק זידלען דעם באַלעבאָס פון די

*) Горностай

הערשן, וואָס האָט אים גאָרנישט ניט מיטגעגעבן אין וועג אריין: ניט קיין שטריק, ניט קיין ארקאַן. כ'האָב פארשטאַנען, אז דאָ איז עפּעס ניט אינגאַנצן גלאַט. פריער האָט מען געכאַפּט אַן אָקס, וואָס איז־צופעליק צוגעגאַן צו די נאַרטעס. ניקיפאָר האָט לאַנג געכראָפּעט ווי אַ הערש, קעדיי צו פארדינען דעם צוטרוי פונם אָקס. יענער איז צוגעגאַן גאר נאענט, אָבער ווי נאר ער האָט באמערקט אַ פאַרדעכטיקן ריר, האָט ער זיך באַלד אַ וואָרף געטון צוריק. דידאָזיקע סצענע האָט זיך איבערגעכאזערט אַ מאל דריי. צום סאף האט ניקיפאר שלייפנווייס אויסגעלייגט אַ קלײנע שטריק, וואס ער האט אַראפּגענומען פון שליטן, און האט זי צוגעדעקט מיט שניי. דערנאך האט ער ווידעראמאָל אָנגעהויבן כראָפּען און קנאַקן. אז דער הערש איז צוגעגאַן נעענטער, מיט פאָרזיכטיקע טריט, האָט ניקיפאר אַ ריס געטון דאס שטריקל, און דאס קלעצל האט זיך געפּאקט אין שלייף. דעם געכאפּטן אקס האט מען אוועקגעפירט אף אַ שטריק אין וואלד צו די איבעריקע הערשן פאר אַ פארלאמענטיאָר. דערנאך איז אַוועק אַ גוטע שאָ. אין וואַלד איז שוין געוואָרן גאר ליכטיק, פון צייט צו צייט האב איך פונדערווייטן געהערט מענטשלעכע שטימען. דערנאך איז ווידער געוואָרן שאַ־שטיל. וואס טוט זיך דארט מיטן הערש, וואס האט זיך באפרייט פונם קלעצל? אין וועג האב איך געהערט אַסאך מאיסעס וועגן דעם, אז ס'קומט אמאָל אויס צו דריי טעג זוכן אַנטלאפענע הערשן.

ניין, מע פירט!

פריער האט מען געכאפּט אלע הערשן אויסער דעם „פרייען". יענער האָט געבלאָנקעט ארום־און־ארום און האָט זיך ניט געלאָזן אָפּנאַרן. דערנאָך איז ער אַליין צוגעגאַן צו די געכאַפּטע הערשן, האָט זיך געשטעלט צווישן זיי און האָט אריינגעשטעקט די מאָרדע אין שניי. ניקיפאָר האָט זיך פויזענדיק צו אים אונטערגעגאַנוועט און האָט אים אַ כאַפּ געטון פאר אַ פוס. יענער האָט זיך אַ ריס געטון, איז אַליין אומגעפאלן און האָט אומגעווארפן דעם מענטשן, נאָר ס'האָט גאָרנישט ניט געהאָלפן! געזיגט האָט ניקיפאָר.

אַרום צען אַזייגער אינדערפרי זיינען מיר געקומען אין סאָו-וואַדאַ. דריי יורטעס פאַרשלאָגענע, נאָר איינע אַ באַוואוינטע. אַף קלעצער איז געלעגן אַ גרויסער טיל פון אַ געהאַרגעטן איילן-הערש [1]), אַביסל ווייטער — אַ צעשניטענער ווילדער הערש. שטי-קער פארגרינט פלייש זיינען געלעגן אַפן פאַרויכערטן דאַך און צווישן זיי צוויי בענפעקיעלעך פון אַן איילנהערש. די גאַנצע באַ-פעלקערונג פון דער יורטע איז געווען שיקער און האָט זיך געוואלגערט אַף דער ערד. אף אונזער באגריסונג האָט זיך קיי-נער ניט אָפגערופן. די שטוב איז אַ גרויסע, נאָר שרעקלעך אַ שמוציקע, אָן אַ שטיקל מעבל. אין פענצטער — אַ געפלאַצטע שטיק אייז, צוגעשפּאַרט פון דרויסן מיט שטעקלעך. אפן וואנט — די צוועלף אַפּאָסטאָלן [2]), פּאָרטרעטן פון אַלע קייסאָרים און אַ מעלדונג פון אַ גומע-פאַבריק.

ניקיפאָר האָט אליין צעלייגט פייער, דערנאָך איז אופגע-שטאַנען אַן אָסטיאַקן, פאַלנדיק פון די פיס. לעבן איר זיינען געשלאָפן דריי קינדער, איינס אַ ברוסט-קינד.

די לעצטע טעג איז באַ די באַלעבאַטים געווען אַ גרויסער איינגעגעבענער געיעג. אויסער דעם עלנהערש האָבן זיי געקראָגן זיבן ווילדע הערשנס. ועקס טילן ליגן נאָך אין וואַלד.

— פאַרוואָס איז דאָ אַזויפיל ליידיקע יורטעס? — האָב איך געפרעגט בא ניקיפאָרן, ווען מיר זיינען ארויסגעפאָרן פון ס אָ ו-ו אַ ד אַ.

— איבער פאַרשיידענע סיבעס. אויב עמעצער איז געשטאָרבן אין אַ שטוב, וועט שוין אַן אָסטיאַק אין דער שטוב ניט וואוינען: אָדער ער וועט זי פאַרקויפן, אָדער ער וועט זי פאַרשלאָגן, אָדער ער וועט זי איבערטראָגן אַף אַ ניי אָרט, און ווידער — שטאַרבן די אָסטיאַקן אויס זייער שטאַרק... איז אָט — פוסטעווען די יורטעס.

---

[1]) Лось.

[2]) קריסטוסעס טאַלמידים.

— אָט וואָס, ניקיפאָר איוואַנאָוויטש, איצטער זאָלט איר מיך שוין מער ניט רופן סויכער. אז מיר וועלן אָנהייבן אַרויספאָרן אַף די זאַוואָדן, זאָלט איר זאָגן, אז איך בין אַ אינזשענער פון געטעס עקספּעדיציע. איר האָט עפּעס געהערט וועגן דערדאָזיקער עקספּעדיציע?

— ניט געהערט.

— פאַרשטייט איר מיך, ס'איז פאַראַן אַ פּראָיעקט דורכפירן אַן אייזנבאַן פון אָבדאָרסק ביז דעם אייז-אָקעאַן, מע זאָל פונדאָרטן איבערפירן די סיבירער סכוירעס אַף שיפן גלייך קיין אויסלאַנד. איז אָט, זאָגט, אַז דאָס בין איך געפאָרן קיין אָבדאָרסק וועגן דעם איניען.

דער טאָג האָט געהאַלטן באַ אויסגיין. ביז איוודעל איז געבליבן ווינציקער פון אַ האַלבער מייל ווערסט. מיר זיינען געקומען צו פאָרן אין די וואָגולער יורטעס אויקאַפּאַול. כ'האָב געבעטן ניקיפאָרן, ער זאָל אריין אין שטוב אַ קוק טון וואָס און ווען. ער האָט זיך אומגעקערט אין אַ מינוט צען ארום. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שטוב איז פול מיט מענטשן. אַלע זיינען שיקער. דאָס טרינקען די אָרטיקע וואָגולן צוזאמען מיט די אָסטיאַקן, וואָס פירן די סאָכרישע מאַסאָעס אין ניאַקסימוואָלי. איך האָב זיך אָפּגעזאָגט אַריין אין שטוב, מוירע האָבנדיק ניקיפאָר זאָל אינגאַנצן זיך ניט אָנטרינקען.

— איך וועל ניט טרינקען, — האָט ער מיך באַרואיקט, כ'וועל נאָר באַ זיי קויפן אַ פלעשעלע אַפּן וועג.

צו אונזער שליטן איז צוגעגאַן אַ הויכער פויער און האָט עפּעס אָנגעהויבן פרעגן באַ ניקיפאָרן אַף אָסטיאַקיש. דעם שמועס האָב איך ניט פאַרשטאַנען ביז דעם מאָמענט, ווען פוןביידע זייטן האָבן זיך געלאָזט הערן ענערגישע סאַליוטן אַף אַ ריינער רוסישער שפּראַך. דער צוגעקומענער איז געווען ניט אינגאַנצן ניכטער. ניקיפאָר, וואָס איז אַריין אין יורטע אַף אַ פּאָר מינוט, האָט דאָרט אויך דערווייל פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט. כ'האָב זיך אַריינגעמישט אין שמועס.

— וואָס וויל ער,—האָב איך געפרעגט בא ניקיפאָרן, מיינענדיק אז יענער איז אן אָסטיאַק. יאָר יענער האָט אליין געענטפערט פאר זיך. ער האָט זיך געווענדעט צו ניקיפאָרן מיט דער געוויינט-לעכער פראגע: ווער פאָרט און וואוהין? ניקיפאָר האָט אים אוועקגעשיקט צום טייוול, און פונדאַנען האָט זיך גענומען זייער ווייטערדיקער שמועס.

— ווער זיינט איר: אַן אָסטיאַק, אָדער א רוסישער,— האָב איך אים שוין געפרעגט.

— אַ רוסישער, אַ רוסישער. ש י ר א פ א נ אָ וו פון ניאַקסימ-וואלי. און איר זייט אָקאָרשט ניט פון געטעס קאמפאניע, — האָט ער מיך א פרעג געטאָן? איך בין איבעראשט געוואָרן.

— יאָ, פון געטעס קאָמפאניע. פונוואנען ווייסט איר דאָס?

— מע האָט מיך אהינצו איינגעלאדן פון טאָבאָלסק. איין איינג-לענדער איז דאָרט געווען, א אינזשענער. ט ש א ר ל ז ו י ל י א-מ אָ ו י ס ש...: אָט די פאמיליע זיינע האָב איך פארגעסן...

— פוטמאן?—האָב איך אונטערגעזאָגט אין דער וועלט אריין.

— פוטמאן? ניין, ניט פוטמאן. פוטמאנס ווייב איז געווען, און יענער האָט געהייסן קרוזע.

— און איצט וואָס כוט איר?

— בא די שולגינעס אין ניאקסימוואָלי בין איך אן אָנגע-שטעלטער, און איך פאָר מיט זייערע סכוירעס. נאָר אָט איז שוין דער דריטער מעסלעס, אז איך בין קראנק. דאָס גאנצע לייב ברעכט מיר.

כ'האָב אים פאָרגעלייגט אַ רעפוע. מ'האָט געמוזט אריין אין יורטע.

*

דאָס פייער האָט אָנגעהויבן אויסגיין, און קיינער האָט עס ניט אינזינען געהאט. שוין קימאַט אינגאַנצן געווען פינצטער. די שטוב איז געווען געפאַקט. מ'איז געזעסן אַף די פּאָליצעס, אַפן דיל, מ'איז געשטאנען. די פרויען, דערזעענדיק אַ נייעם אוירעך,

פאַרדעקן ווי געווײַנלעך מיט די טוכן ווײַערע פּענעמער. כ׳האָב אָנגעצונדן אַ ליכט און האָב אָנגעשאָטן שיראָפּאַנאָוון נ אַ ט ר-ס אַ ל י צ י ל. באַלד האָבן מיך פון אַלע זײַטן אַרומגערינגלט שי-קערע און האַלב-שיקערע אָסטיאַקן און וואגולן, און יעדער האָט זיך באַקלאָגט אַף זײַן כאַלאַס. שיראָפּאַנאָוו איז געווען דער איבערזעצער. און איך האָב פון אַלע שלאָפקייטן פלייסיק געגעבן כינין און נאַטר-סאַליציל.

— דאָס איז אן עמעס, אַז דו וואוינסט דאָרט, וואו דער קיי-סער וואוינט?—האָט מיך געפרעגט אַף אַ געבראָכענער רוסישער שפּראַך אן אלטער אויסגעטריקנטער וואָגול, אַ קליינוואוקסיקער.

— יאָ, אין פּעטערבורג,—האָב איך געענטפערט.

— איך בין אף דער אויסשטעלונג געווען, אלעמען געזען, דעם קייסער געזען. דעם פּאָליצמייסטער געזען און דעם גרויס-פירשט געזען.

מ׳האָט אייך געפירט אַהין מיט אַ דעפּוטאַציע, אין וואָגולער קליידער?

— יאָ, יאָ, יאָ. — אַלע האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— דעמאָלט בין איך געווען יונגער, קרעפטיקער, איצט בין איך אַן אַלטער, אַ קראַנקער.

איך האָב אים אויך געגעבן אַ רעפואה.

די אָסטיאַקן זײַנען מיט מיר געווען זייער צופרידן. זיי האָבן מיר געדריקט די הענט, און צום צענטן מאָל שוין האָבן זיי מיך געבעטן אויסטרינקען בראַנפן, און ס׳האָט זיי שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס כ׳האָב זיך אָפּגעזאָגט. באַם פייער איז געזעסן ניקיפאָר און האָט איינע נאָך דער צווייטער געטרונקען — אַ גלאָז טיי און אַ גלאָז בראָנפן. כ׳האָב עטלעכע מאָל זיך אַ קער געטון אין זײַן זײַט, אַז ער זאָל מיך זען, נאָר ער האָט אומפערקזאם געקוקט אין גלאָז און האָט זיך געמאכט, אַז ער באַמערקט מיך ניט. מ׳האָט געמוזט וואַרטן ביז ניקיפאָר וועט זיך אָנטרינקען מיט „טיי״.

— שוין דער דריטער מעסלעס, אַז מיר פאָרן פון איוודעל, פינף און פערציק ווערסט, און די גאַנצע צײַט טרינקען זיי, די

אַסטיאַקן. אין איוודעל זיינען מיר געשטאַנען באַ מיטרי מיטריטשן, באַ ליאַלינען. אַ וואוילער מענטש, ער האָט פון די זאַוואָדן גע-בראַכט נייע ביכלעך, אַ „פּאָלקס-קאַלענדאַר", אַ צייטונג אויך. אין קאַלענדאַר, צום ביישפּיל, איז פּונקטלעך באַוויזן ווער וויפל סכירעס באַקומט: ווער צוויי הונדערט טויזנט, און ווער הונדערט פּופּציק. פאַרוואָס, צום ביישפּיל? איך אָנערקען דאָס אינגאַנצן ניט. אייך קאָן איך ניט, מיין האַר, נאָר אָט וועל איך אייך זאָגן גלייך: איך... איך דאַרף נישט... איך וויל נישט... און ס'איז איבעריק... אָט דעם צוואַנציקסטן האָט זיך צונויפגעקליבן די דומע. די וועט נאָך זיין בעסער פאַר דער ערשטער. וועלן מיר זען, וועלן מיר זען וואָס וועלן דאָרטן טון די האַרן סאָציאַלן... סאָציאַלן וועט דאָרט זיין אַ מענטשן פּופּציק, און „נאַראָדניקעס" אַנדערהאַלבן מייעס און קאַדעטן הונדערט... שוואַרצע גאָר ווייניק.

— און איר אַליין, וועלכער פּאַרטיע פילט איר מיט, עפּשער קען מען וויסן, — האָב איך געפּרעגט.

— איך בין לויט מיינע באַרצייגונגען אַ סאָציאַל-דעמאָ-קראַט, ווייל די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע באַטראַכט אַלץ פון שטאַנד-פּונקט פון וויסנשאַפטלעכן גרונט.

איך האָב זיך אויסגעווישט די אויגן: אַ פּאַרוואָרפענע טאַיגע, אַ שמוציקע יורטע, שיקערע וואָגולן, און עפּעס אַן אָנגעשטעלטער זאָגט, אַז ער איז אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט, אַרויסגייענדיק פון וויסנשאַפטלעכן גרונט.

איך בין זיך מוידע. כ'האָב דערפילט אין זיך פּאַרטייאישע גאַדלעס.

— אומזיסט שטעקט איר דאָ אין דידאָזיקע פאַרוואָרפענע, שיקערע ערטער, — האָב איך אים געזאָגט מיט אופריכטיקן מיט-געפיל.

— וואָס קען מען הע׳פן. איך האָב פריער געדינט אין באַרנאַול, דערנאָך בין איך געבליבן אָן אַן אָרט. מישפּאָכע. מ'האָט געמוזט פאָרן אַהערצו. און אז מ'וואוינט שוין מיט וועלף, דאַרף מען היילן אַף וועלפיש. אָט האָב איך זיך דעמאָלט אָפּגעזאָגט

פאָרן מיט געטעס עקספּעדיציע, און איצט וואָלט איך מיט פאַר-
געניגן... אויב מ׳וועט דאַרפן, שרייבט אָן.

מיר איז געוואָרן ניט היימלעך. ס׳האָט זיך מיר פאַרוואָלט
אים זאָגן, אַז איך בין גאָרניט קיין אינזשעניער און ניט קיין מיט-
גליד פון דער עקספּעדיציע, נאָר אַן אַנטלאָפענער „סאָציאַל".
כ׳האָב זיך-אָבער באַקלערט און האָב זיך איינגעהאַלטן.

ס׳איז געקומען די צייט זיך זעצן אין די נאַרטעס. די וואָ-
גולען האָבן אונז אַרומגערינגלט אין הויף מיט אַן אָנגעצונדענער
ליכט, וואָס זיי האָבן באַ אונז אויסגעבעטלט. ס׳איז געווען אַזוי
שטיל, אַז די ליכט האָט זיך ניט געלאָשן. מיר האָבן זיך אַסאַך
מאָל געזעגנט. עפּעס א יונגער אָסטיאַק האָט זיך אַפילע א פּרואוו
געטון מיך אַ קוש טון אין האַנט. שיראָפּאַנאָוו האָט געבראַכט
אַ פעל פון אַ ווילדן הערש און האָט זי אַוועקגעלייגט אַף מיין
שליטן פאַר א מאַטראַץ. קיין באַצאָלטס האָט ער בעשומויפן ניט
געוואָלט נעמען. מיר האָבן געענדיקט דערמיט, וואָס כ׳האָב אים
געשיינקט אַ פלעשל ראָם, וואָס כ׳האָב געפירט מיט זיך „אַף
יעדן פאַל", און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן.

*

צו ניקיפאָרן האָט זיך אומגעקערט זיין באַריידעוודיקייט. ער
האָט מיר דעם הונדערט איינטן מאָל דערציילט, ווי אַזוי ער איז
געזעסן באַם ברודער, ווי אַזוי ס׳איז געקומען ניקיטאָ סעראַפּיאָ-
נאָוויטש, אַ „דורכגעטריבענער פויער", און ווי אַזוי ער, ניקיפאָר,
האָט זיך פריער אָפּגעזאָגט, און ווי אַזוי דער יעפרייטער סוסלי-
קאָוו האָט אים געגעבן פינף קאַרבן און האָט אים געזאָגט:
„פיר!" און ווי אַזוי דער פעטער מיכאַיל גריגאָריטש, „אַ גוטער
פויער", האָט אים געזאָגט:

— „נאַר! פאַרוואָס האָסטו מיטאַמאָל ניט געזאָגט, אַז דו
פירסט דעמדאָזיקן סוביעקט?" אַז ער האָט געענדיקט, האָט ני-
קיפאָר אָנגעהויבן איבעראַנייס: „איצט וועל איך פאַר אייך גאָר-
נישט ניט באַהאַלטן.. איך בין זיך אַזוי געזעסן באַם ברודער באַ

פאַנטעליי איוואַנאָוויטש, ניט שיקער, נאָר אַביסל אויסגעטרונקען, אָט אַזוי ווי איצט. נו, גאָרנישט, געזעסן. פלוצלינג, ערשט איך הער, ס׳קומט אַריין ניקיטאַ סעראַפיאָנאָוויטש".

— נו, אָט באַלד, ניקיפאָר איוואַנאָוויטש, וועלן מיר קומען צו פאָרן. אַ דאַנק אייך! כ׳וועל קיינמאָל אייער טירכע ניט פארגעסן.

ווען ס׳וואָלט נאָר מעגלעך געווען, וואָלט איך. אין די צייטונגען אָפּגעדרוקט: „איך דאַנק זייער און זייער, אַזוי צו זאָגן, ניקיפאָר איוואַנאָוויטשן כרענאָוו; אָן אים וואָלט איך אייביק ניט אַוועקגעפאָרן פונדאַנען".

— איז פאַרוואָס קען מען ניט?

— נו, און די פּאָליציי?

— יאָ, ריכטיק. ווען ניט, וואָלט גוט געווען. איינמאָל האָט מען מיך שוין געוווען אָפּגעדרוקט.

— ווי אַזוי?

— ס׳איז אַזוי געווען. איין אָבדאָרער סויכער האָט זיך אריינגעלייגט אין קעשענע זיין שוועסטערס קאַפּיטאַל. און איך האָב אים, דעם עמעס זאָגנדיק, געהאָלפן. דאָס הייסט, ניט געהאָלפן, נאָר אַזוי זיך... אונטערגעהאָלפן. באַלד, זאָג איך, די געלט זיינען באַ דיר, הייסט עס, אַז גאָט האָט דיר געגעבן. ריכטיק?

— נו, ניט גאָר.

— רעכט... הייסט עס אונטערגעהאַלטן. קיינער האָט זיך ניט דערוואוסט, נאָר איין סוביעקט, פּיאָטר פּעטראָוויטש וואַכלאַקאָוו, האָט אויסגעשמעקט, שעלמע! האָט ער גענומען און אָפּגעדרוקט אין צייטונג: „איין גאַנעוו—דער סויכער אַדריאַנאָוו האָט געגאַנוועט. און דער צווייטער גאנעוו — ניקיפאָר כרענאָוו האָט פאַרווישט די שפורן". ס׳איז אַן עמעס. אַזוי איז געווען אָפּגעדרוקט.

— איר וואָלט געדאַרפט אַף אים אָנגעבן אין געריכט פאַר אַ בילבל, — האָב איך אים אַן אייצע געגעבן.

— כ׳האָב געוואָלט, נאָר מ׳קען ניט. ער איז מיין בעסטער גוטער פריינט. דאָס האָט ער ניט פון שלעכטסקייט, נאָר אַף קאַטאָוועס...

— אַ ברען אַ פויער — וואוהין איר ווילט נאָר. מיט איין וואָרט, אייך זאָגן, — ניט קיין מענטש, נאָר א פּרייסקוראַנט!

*

אַזייגער פיר באַנאַכט זיינען מיר געקומען קיין איוודעל. אָפּגעשטעלט האָבן מיר זיך בײַ דמיטרי דמיטרעוויטש ליאַלין, וואָס שיראָפּאנאָוו האָט מיר אים רעקאָמענדירט.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז א האַרציקער און אַ ליבער מענטש, און איך בין זייער צופרידן אים אויסדריקן דאָ מיין טיפסטן דאַנק.

— בײַ אונז איז א שטיל לעבן, — האָט ער מיר דערציילט בײַ טיי.

— אַפילע די רעוואָלוציע האָט אונז ניט אָנגערירט. די געשעענישן, פאַרשטייט זיך, אינטערעסירן אונז, מיר קוקן נאָך די צייטונגען, פילן מיט דער באַוועגונג, אין דער דומע שיקן מיר לינקע, נאָר אונז אַליין האָט די רעוואָלוציע אַף די פיס ניט אָוועקגעשטעלט. אַף די זאַוואָדן, אין די גרובן, דאָרט זיינען געווען שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס. און מיר לעבן שטיל. קיין פּאָליציע איז אפילע נישטאָ, אויסער דעם באַרג-אוריאַדניק. דער טעלעגראַף הייבט זיך אָן ערשט בײַ די באָגוסלאווער זאַוואָדן. דאָרטן איז דער באַן אויך — אַ ווערסט הונדערט דרייסיק פונדאַנען. דאָ קענט איר פאָרן אָפן, קיינער וועט אייך ניט אָפּשטעלן. איך וועל אייך געפינען אַ פור.

מיט ניקיפאָרן האָב איך זיך אָפּגעזעגנט. ער האָט זיך קאַם געהאַלטן אַף די פיס.

— זעט נאָר, ניקיפאָר איוואַנאָוויטש, אַז אַף צוריקוועגס זאָל דער ווײַן אייך עפעס ניט אָפּטון.

— נישקאָשע... וואָס איז באַשערט פאַרן בויך, דאָס איז באַווערט פאַרן רוקן, — האָט ער מיר געענטפערט באַם געזעגענען זיך.

דאָ, אייגנטלעך, ענדיקט זיך-דער העלדישער פעריאָד אין דער געשיכטע פון מײַן פליטע — די נעסיע מיט הערשן איבער דער טײַגע און איבער דער טונדרע אף אַ מעהאַלעך פון זיבן, אַכט הונדערט ווערסט.

אַפילע אין דעם ריזיקאַלסטן טייל אירן איז מײַן פליטע געווען אסאַך פּאַשעטער און פּראָזאַישער, ווי זי האָט זיך-מיר אַליין פאָרגעשטעלט בעאייס כ׳האָב זי ערשט פארטראַכט און ווי זי שטעלט זיך פאָר אנדערע מענטשן פון דער זײַט. מײַן ווײַטערדיקע רייזע איז שוין גאָרניט ענלעך געווען אַף קיין פלייט

אַז איך בין געקומען צו די גרובן, בין איך ארײַן אין א ... ערטער זיך דערוויסן, אַף וויפל דאָ איז ...עפערלעך זיך זעצן אין באַן.

דאָ האָט מען מיך אַביסל אָנגעשראָקן מיט שפּיאָנאַזש און מ׳האָט מיר געאייצעט אָפּוואַרטן א וואָך דאָ, פאָרן מיט פורטראַנספּאָרט ביז סאליקאַמסק, וואו ס׳איז קלאָמערשט אָן אַן ערעך זיכערער. איך האָב ניט געפאָלגט דערדאָזיקער אייצע און איך האָב איצט קיין כאַראָטע ניט.

דעם פינף-און-צוואַנציקסטן פעווראַל באַנאַכט בין איך ארויסגעפאָרן פון די גרובן מיטן באַן און קיין פעטערבורג בין איך אָנגעקומען דעם צווייטן מאַרט אינאָוונט. אין וועג, הייסט עס, איז מיר אויסגעקומען זײַן צוועלף מעסלעס. דאָס איז גאָר ניט קיין סאַך. „אַהין״ זײַנען מיר געפאָרן א כוידעש.

אף דעם זײַטיקן אוראַלער וועג איז מײַן לאַגע געווען ניט גאָר זיכער. אַף דעמדאָזיקן זײַטיקן וועג, וואו מ׳באַמערקט יעדן „פרעמדן״ מענטשן, האָט מען מיך אַף יעדער סטאַנציע געקאָנט אַרעסטירן לויט אַ טעלעגראַפישער יעדיע פון טאָבאָלסק. נאָר אין אַ מעסלעס אַרום, אין באַקוועמען וואַגאָן פון פערמער וועג, האָב איך מיטאַמאָל דערפילט, אַז איך האָב אויסגעשפּילט. דער צוג איז פארבײַגעגאַן דיזעלבע סטאַנציעס, אַף וועלכע ס׳האָבן אונז ניט לאַנג באַגעגנט מיט אזאַ פייערלעכקייט זשאַנדאַרמען,

סטראַזשניקעס—און איספּראַווניקעס. נאָר איצט איז מײַן װעג גע־לעגן נאָר אין אַן אַנדער ריכטונג, און געפּאָרן בין איך נאָר מיט אַנדערע געפילן. די ערשטע מינוט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ס'איז אײנג און קײן לופט איז נישטאָ אין דעם גראַמען, קימאַט לײדיקן וואַגאָן. איך בין אַרויס אַף דער פּלאַטפאָרמע, וואו ס'האָט געבלאָזן אַ ווינט און ס'איז—געווען פינצטער, און פון מײַן ברוסט האָט זיך אומגערן אַרויסגעריסן א הויכער געשריי — פון פרייד און פרײַהייט!

און דער צוג פון פּ ע ר ם-ק אָ ט ל אַ ס ע ר װעג האָט מיך געפירט פאָרויס, פאָרויס און פאָרויס.

---

# פּאָפּולערע ביבליאָטעק

(סעריע בעלעטריסטיק — פאַר דערוואַקסענע)

# שול־און פיאָנערן־ביבליאָטעק

# פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק

| | | ק. |
|---|---|---|
| 1. | ד. רויטמאן — דער ערד-קיילעך | — |
| 2. | מ. נאָוואָרוסקי — דאס לעבן פון דער ערד | 20 |
| 3. | פ. נאַנסען — אין נאכט און אייז | 25 |
| 4. | י. יעלאטשיטש — היימישע באלעבאים | — |
| 5. | פאליאנסקי — איבערפלי פון פייגל | — |
| 6. | פאלאדין — אונזערע פיצעלעך סאנים און פריינט | 35 |
| 7. | נ. קארינצעוו — עדיסאן | — |
| 8. | ק. מאטשאס — געשיכטע פון דאמפמאשין | — |
| 9. | פ. רימקעוויטש — ווייסע קוילן | — |
| 10. | אנדרייעוו — אויפקום פון קאפיטאליזם | 25 |